א. יצחקי

# פרץ סמאלענסקין

זיין לעבען און ליטעראַרישע ווירקונג.



פערלאג „פּראָגרעס" ווארשא.

№ 25 פּרייז 20 קאפּ.

# I.

פרץ סמאָלענסקין איז געבוירען געוואָרען דעם 8-טען מערץ 1840 אין אַ קליין שטעטיל מאָנאַסטירשצינע (מאָהילעוו. גוב.) . זיין פאָטער, משה סמאָלענסקין, איז געווען אַ יוד אַ למדן און האָט אויך ליעב געהאַט אריינצוקוקען אין די אַלטע יודישע חקירה־ספרים, ווי דער „מורה נבוכים", „כוזרי" און אנדערע. צוליעב דעם האָט מען אביסעל געמורמעלט אויף איהם, אז ער איז „געחאפּט אין דער מעשה". דאָך האָט מען עס פון זיין פיהרונג ניט געקאָנט אַרויסזעהן, דען אין זיין צייט האָט זיך אַ יוד ניט ערלויבט אָפען אַרויסצווייזען אָדער זאָגאַר אַרויסצוזאָגען אַ וועלכע עס איז פרייע מיינונג, מורא האָבענדיג פאַר די יודישע קהל־לייט, וועלכע האָבען דאַן געהאַט אַ אונגעהויערע קראַפט דערמיט; וואָס זיי פלעגען אליין צושטעלען אין מיליטער יודישע זעלנער. גבירישע קינדער און לעהרען־בחורים פלעגען, פערשטעהט זיך, נישט געהן אין דער דיענסט; אַלס כפּרה־הינדלעך פאַר זיי האָט קהל געוועהנליך געשטעלט די אָרימע קינדער און די „אפּיקורסים" ד. ה. וואָס פיהרען זיך אויף ניט גענוג יודישליך און ברעכען אַמאָל אַ נאַרישען אזיאַטישען מנהג. אויף אַזאַ'ן אופן, ווייל קהל האָט געהאַט אַזא שטאַרקע מאַכט, האָט יעדער מורא געהאַט צו געהן געגען דעם קלענסטען דין אָדער מנהג.

משה סמאָלענסקין איז געווען אֵיינער פון די שטאָט־„בעלי־בתים", כלומרשט אַ שטיקעל נגיד; נאָר, ווי ביי אַלע אונזערע נגידים, וואָס זייערע געשעפטען זענען געגרינדעט אויף ווינד, האָט זיין נגידעשאַפט לאַנג ניט געדויערט, און ער איז געוואָרען אַ געפאַלענער בעל־הבית. ווען פרץ איז אַלט

געוועזען אַ יאָהר, האָבען זיינע עלטערן זיך איבערגעציגען אין אַ דאָרף, וואו זיי האָבען געהאַלטען אַ שענק און פון דעם קוים געצויגען די חיונה. אין 2¼ יאָהר אַרום נאָך זייער בעזעצונג אין דאָרף איז פּלוצלונג אָבגעברענט געוואָרען זייער הויז מיט דער גאַנצער ווירטהשאַפט. די פאַמיליע איז געבליעבען, ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, און זיי האָבען געמוזט צוריק אַריינפאָהרען אין זייער שטעטיל מאָנאַסטירשצינע.

צו דעם אונגליק איז געשעהען נאָך אַ אונגליק. דער קאַטוי־לישער דאָרפישער גלח האָט פערזעצט ביי משה'ן פאַר ברויגפען אַ צלם און די גלחישע קליידער, און דער משכון איז אויך פער־ברענט געוואָרען אין דער שרפה. דער גלח האָט געטענהט, אַז ער האָט איהם געגעבען די זאַכען צו פערבעהאַלטען, און האָט געפאָדערט, משה זאָל איהם דערפאַר בעצאָהלען.

משה סמאָלענסקין, אַ דערשלאָגען יודעל, האָט, נאַטירליך, געשרעכענט, אַז מען וועט דעם גלח גלויבען גיכער אַלס איהם, און האָט דעריבער אויס מורא פערלאָזען זיין שטעטיל און זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן.

דאָס ווייב מיט זעקס קינדער האָט ער איבערגעלאָזט אַליין. די מוטער האָט געביך געאַרבייט שווער און ביטער און האָט קוים פערדינט 20—30 קאָפּ. אַ טאָג. די קינדער האָבען געליטען נויט, הונגער און קעלט. צו יענער צייט האָבען ביי זיי שליחים פון קהל, די „חאַפּער״, אַרויסגעחאַפּט פון שטוב זייערס אַ קליין קינד, אַ יונגעל, און האָבען עס אָפּגעגעבען פאַר אַ סאָלדאַט (קאַנטאָניסט). דאָס האָט אויף אונזער ווייכען, געפיהלפולען פרצ'ן זעהר אַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט. אין איינעם פון זיינע ווערק האָט ער געשילדערט די שרעקליכע מעררעריי פון די יודישע חאַפּער.

נאָך 2½־יעהריגער אַרומוואַנדרונג איז דער פאָטער צוריק געקומען אַהיים. ער האָט מיטגעבראַכט אַביסעל געלד, האָט מיט דעם אָנגעהויבען צו האַנדלען, און עס איז איהם ניט שלעכט געגאַנגען. דאַן האָט ער אַראָבגעבראַכט פון שקלאָוו אַ ישיבה בחור, וועלכער האָט געלערנט מיט זיינע צוויי זיהן,

דעם עלטערן — ליב'ן און דעם יונגערן — פרצ'ן, וועלכער האט זיך נאך אלס קינד אויסגעצייכענט מיט זיינע זעלטענע פעהיגקייטען. אט דער ישיבה־בחור און מלמד האט אין א קורצער צייט ארום חתונה געהאט מיט פרצ'ס א שוועסטער, און, ווי דער איינפיהר איז דאן געוועזען ביי יודען (און ביי זעהר און זעהר פיעל נאך היינט אויך), האט דאס יונגע פאר־פאלק געגעסען קעסט ביים פאטער. און דער „רבי" האט, ווי פריהער, געלערנט מיט זיינע תלמידים.

סמאלענסקינס ביאגראף בריינין בעמערקט ביי דעם, אז דאדורך, וואס דאס מלמדות איז ניט געוועזען זיין ספעציעל פרנסה, און ער האט געקענט דערצו נאך העברעאיש, איז ער געוועזען ענטוויקעלטער און האט דעריבער ניט איינגעפלאנצט אין זיינע תלמידים אזוי פיעל אבערגלויבען און ווילדקייט, ווי אנדערע מלמדים האבען געטהון. ליידער, דארף מען זיך אויסדריקען, „ווי עס טהוען אנדערע מלמדים". דען היינט זענען נאך אויך פאראן זעהר און זעהר פיעל מלמדים פער־פינסטערטע, פאנאטישע, אונוויסענדע אדער צבועקעס. זאגאר א גרויסער טהייל לעהרער־משכילים פלאנצען־איין ביי די קינדער אזא שאוויניזם, וועלכער איז נישט ווייט אפגעשיידט פון רעליגיעזען פאנאטיזם.

אין אנפאנג יאהר תרי"ב זענען אין איין טאג געשטארבען פון חאלערע דער מלמד מיט זיין ווייב, פרצ'ס שוועסטער.

דעם פאטערס געשעפטען זענען ווידער געגאנגען זעהר שלעכט, און אין דעם זעלבען יאהר איז אויך משה געשטארבען און האט איבערגעלאזט אין ארימקייט זיין פרוי מיט דריי קינדער: די צוויי ברידער, ליב'ן און פרץ'ן, און א יונגערע שוועסטער. די מוטער האט שווער געארבייט און געלעבט אין דחקות.

באלד נאך דעם פאטערס טויט, איז ליב, פרצ'ס עלטערער ברודער, אוועק אין א ישיבה; דאס איז דאן געוועזען דער איינציגער תכלית. ווען ער איז געקומען צופוס אין שקלאוו, איז ער באלד אנגענומען געווארען אין דער „גרויסער ישיבה",

חאָטש ער איז אַלט געוועזען ניט מעהר, ווי 13 יאָהר.

אין איינעם מאָמענט ארום האָט ער דערצעהלט דעם ראש־הישיבה, אַז ביי דער מוטער איז געבליעבען זיינער אַ יונגערער ברודער מיט זעלטענע פעהיגקייטען און דער ראש־הישיבה האָט איהם געהייסען אויך דעם קליינעם ברודער אראָב־צוברענגען אין דער ישיבה. עלף יאָהר איז פּרץ אַלט געווען, ווען ער איז אוועק פון זיין מוטער, וועלכע האָט איהם ליעבער געהאַט אַלס אַלע קינדער, ווען זי האָט אינסטינקטיוו געפיהלט, אַז פון איהם וועט אַרויסוואַקסען אַ גרויסער מענש. דאָס קליינע עלף־יעהריגע יונגעל האָט מיטגענומען אַ שטיקעל ברויט מיט קעז און אַ פּאָר זאַקען, וועלכע די מוטער האָט פון זיך אויס־געטהון, און איז צו פוס געגאַנגען עטליכע טעג, ביז ער געקומען קיין שקלאָוו.

דער ראש־הישיבה האָט איהם פערהערט אין תלמוד, און דאָס יונגעל האָט ביי איהם שטאַרק אויפגענומען, דעריבער האָט ער איהם צוגענומען אין דער ישיבה, חאָטש די גרויסע בחורים האָט שטאַרק פערדראָסען, וואָס מען נעמט צו אַזאַ קליין יונגעל. די ישיבה־בחורים האָבען זיך געשעמט מיט איהם צו רעדען, אָבער איהם האָט עס ווענינ געקימערט. ער אַליין האָט פער־שטאַנען זיין אייגענעם ווערטה, און פרעמדע מיינונגען וועגען איהם האָבען ביי איהם קיין ראָלע ניט געשפּיעלט.

יהודה־ליב סמאָלענסקין, פּרצ'ס ברודער, איז דאַן געוועזען איינער פון די ערשטע „משכּילים" און פלעגט בגנבה לעזען די אַמאָליגע השכּלה־ספרים.

בריינין בעמערקט ביי דעם איראָניש, דאָס זאָגאַר פון ווייזעלס „שירי־תפארת" פלעגט מען ווערען אַ אויפגעקלערטער משכּיל. עס איז ווירקליך מאָדנע און לעכערליך, וואָס אַ ספר, וועלכער בעשטעהט פון בלויזע מליצות און נאַציאָנאַליסטישע און זאָגאַר רעליגיעזע הימנען, האָט געפיהרט צו פרייע געדאַנקען. די מעשה איז אָבער, וואָס דער אַמאָליגער לעזער האָט ניט געלעזען צוליעב פערברענגען די צייט. ער האָט זיך בּוטש געאָפּפערט צוליעב דעם לעזען, האָט אין דעם

טרייבעטהון זיין גאנצען געדאנק און געפיהל, דעריבער האט יעדעס ווארט פון בוך בעוועגט דעם מֹחַ צו קלערען, טראכטען און דענקען. דער לעזער האט אלזא מעהר געלעזען זיינע אייגענע געדאנקען, אלס דעם שרייבערס. דער אמאליגער יודישער לעזער האט מעהר געלעזען צווישען די שורות און אין דעריבער אפטמאל געקומען צו אזעלכע אידעען, וועלכע דער שרייבער האט אפילו אין זינען נישט געהאט.

אט דער משכיל יהודה ליב, ווי אלע אמאליגע משכילים, האט זיך געוועהגליך ניט בעגנוגט מיט דעם, וואס ער אליין לעזט, נאר ער האט אויך איינגעפלאנצט דעם חשק צו לעזען ביי פרץ'ן, וועלכער האט אנגעהויבען צו לעזען די השכלה — און חקירה־ספרים, נאך איידער ער איז געווארען בר־מצוה.

דאן האט ער דערזעהן די גאנצע ווילדקייט, אבערגלויבונג און אונוויסענהייט פון די ישיבה בחורים, נאר אנשטאט זיך צו דערנעהנטערן צו זיי וואס מעהר און זעהען זיי אויך די אויגען צו עפענען, אום זיי זאלען פערשטעהן זייער לאגע, האט דער קליינער טמאלענסקין פערהאסט זייער געזעלשאפט און האט געזוכט א מעהר אייגענעהמע פריינדשאפט.

אין שקלאוו איז דאן געוועזען איינער א אלטער מאן אידל ר' הירש'ס, א אלטער נגיד, וועלכער האט געוואהנט הינטער דער שטאט און געפיהרט זיך אביסעל פרייער, אלס די שטאדט־בעלי־בתים. ער האט געהאט פיעל דייטשע פילאזאפישע ביכער און פלעגט זיך איבער זיי מאטערן. אט דער ר' אידל פלעגט אפט קומען אין דער ישיבה און מיט גרויסער היץ, געריהרט פון טיעפען הארצען, זיך ווענדען צו די ישיבה בחורים מיט אזעלכע ווערטער: „וואס וועט זיין פון אייך דער תכלית? מיט וואס פערברענגט איהר אייערע בעסטע יונגע יאהרען? ווערט בעלי־מלאכות, שניידער, שוסטער, טישלער, שלאסער א. ז. וו. און זייט ניט קיין לעדיגגעהער, בטלנים, צוקינפטיגע שרכנים, מעקלער, צעטלענהענדלער און אומזיסטע עסער אויף דער וועלט". נישט איינמאל איז דער ראש־הישיבה געווארען אויפגערעגט פון זיינע ווערטער. ער האט געשריגען, אז ר' אידל פיהרט — אראב די ישיבה בחורים פון

חעג, און האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „אַחֵר" *).

אַז צו דעם ר' אידל האָט פּרץ אָנגעהויבען אַריינגעהן אַלע נאַכט, חאָטש ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז פאַר איהם געפעהרליך.

ווען אייניגע בעלי־בתים האָבען איהם דערפאַר אָבגעזאָגט די „טעג", האָט פּרץ פונדעסטוועגען זיך ניט אונטערגעגעבען און האָט ווייטער געלעזען די השכלה־ספרים. און וואָס מעהר מען האָט איהם געדריקט פאַר זיין השכלה און פרייזיניגקייט, אַלץ מעהר איז ער גרייט געווען צו אָפּפערן זיך פאַר זיין גייסטיגע פרייהייט, ווי מיר זעהען עס אַלע מאָל ביי הויבע מענשען: וואָס מעהר מען פערפאָלגט זיי, מען וויל דערשטיקען זייערע נייע אידעע, אַלץ איינס אַ רעליגיעזע, נאַציאָנאַליסטישע, אָדער אַ אַבערגלויבישע, אָדער פערקערט אַ פרייע — דעמסטא מעהר ווערט זי בעליעבט ביי איהרע אַנהענגער, וועלכע האַלטען זיך ביי איהר, נישט קוקענדיג אויף קיינע אָפּפער.

די ישיבה־בחורים האָבען שטאַרק מקנא געווען פּרץ סמאָלענסקינען אויף זיינע זעלטענע פעהיגקייטען און בעגליך אויך אויף דעם טאַקי, וואָס ער האָט געהאַט מוטה צו אָפּפערן זיך פאַר זיין בעליעבטע אידעע, דען אפילו די דריקער אַליין פיהלען, אַז זייער אָפּפער שטעהט העכער פיר זיי און פיהלט אַ בעסערען געשמאַק אין לעבען פאַר זיי עס איז איהם ליעבער דאָס לעבען, ער פיהלט אין דעם אַ גייסטיגעס פערגעניגעס, וועלכען ניט יעדער איז אימשטאַנד צו דערגרייכען. אַט צוליעב דער קנאה האָבען זיי איהם פיינד געהאַט, און פון שנאה האָבען זיי אויף איהם אויסגעקלערט, אַז ער גנב'ט ליכט אין בית־המדרש צום פערקויפען, אין אמת'ן אָבער פלעגט סמאָלענסקין גנבענען ליכט,

*) ווי דער תנא אלישע בן אבויה, וועלכער איז אַליין געוועזען פון די תלמידים און נאָכהער איז ער געוואָרען אַ „אַנדערער", האָט פון זיי חוזק געמאַכט און האָט געוואָלט אַלע יודען אָבווענדען פון דעם תלמוד.

אום צו קאָנען שפּעט ביי נאַכט, ווען אַלע אין בית־המדרש זענען געשלאָפען, לעזען פערשיעדענע השכלה־ביכלעך.

שטעלענדיג זיך אין געפאהר, פלעגט פרץ אַרויסגנבֿענען פון קאסטען, אויף וועלכען דער שמש איז געליגען און געשלאָפען, א חלבנע ליכטעל און זיך שטילערהייט אוועקזעצען אין ווייבער־שול ערגעץ אין א ווינקעל אום, דאָרט צו לעזען און צו שרייבען.

אין זיין פריהעסטער יוגענד האָט זיך שוין אין איהם ערוועקט דער גייסט צו וועלען ניט נאָר אַליין צו וויסען און צו פערשטעהן אַלעס, נאָר אויך אַנדערע צו בעלעהרען און קליגער מאַכען, און אַלעס, וואָס ער האָט געטראַכט און געדענקט, פלעגט ער אויפשרייבען אויף פּאַפּיער.

ווען דער שמש פלעגט איהם אַמאָל חאַפּען ביי די ליכט, פלעגט ער איהם שלאָגען מכות אַכזריות, און דערצו האָבען געוועהנליך צוגעהאָלפען אַלע בטלנים פון בית־המדרש; ווי דען? אז מ'שלאָגט — מסתמא איז פאַרהאַן פאַר וואָס... ווען די בעלי־בתים האָבען זיך דערוואוסט פון דער געשיכטע מיט די ליכט, איז ביי זיי געבליעבען, מען זאָל איהם דערפאַר שמייסען. דאָן האָט פרץ סמאָלענסקין בעשלאָסען אוועק צו געהן פון שקלאָוו. ער האָט אָבער נישט געוואוסט, וואהין צו געהן און האָט אויך ניט געקאָנט ביי זיך בעשטימען, וואָס פאַר א פּראָפעסיאָן זיך אויסצולערנען, אום ער זאָל ניט ברויכען אָנקומען צו א פרעמדען טיש.

אין יענער צייט האָט א יודיש יונגעל געהאַט פיר זיך נאָר צוויי וועגען: ענטוועדער א ב ע ל ־ מ ל א כ ה אָדער א לערנער ר. ה. ש ל ע ד י ג ג ע ה ע ר, וועלכער זיצט ביז דער חתונה אין בית־המדרש און עסט ביי'ן פאָטער, נאָך דער חתונה עסט ער שוין ביי'ן שווער און ווען ער איז שוין א טאַטע פון קינדער, זוכט ער עפּעס א לופט־פרנסה. אויף דעם לעצטען, נאַטירליך, האָט שוין דער יונגער פרץ ניט געקאָנט איינשטימען. אָבער א בעל־מלאכה צו ווערען, ביי דעם נידריגען שטאַנד פון די אַמאָליגע בעלי־מלאכות,

האָט ער אויך נים געקאָנט זיך בעשליעסען. ער האָט געפֿיהלט אין זיך קרעפֿטען אויפֿצוטרעטען עטוואָס וויכטיגעס, נאָר וואָס און ווי אזוי — האָט ער דאַן נאָך אַליין ניט געוואוסט. פֿון שקלאָוו אָבער האָט ער געמוזט אַוועק און האָט אזוי אַ געוויסע צייט ארומגעוואַנדערט אין פֿערשיעדענע שטעדטליך, ביז ער איז אין יאָהר 1862 געקומען קיין אָדעס. ער איז דאַן אַלט געוועזען 20 יאָהר.

קיין אָדעס האָט ער מיטגעבראַכט אַ רעקאָמענדאַציענס בריעף צו אַ געוויסען ר' משה דיינאָוו. ר' משה האָט איהם צוגענומען פֿאַר אַ גמרא מלמד צו זיין זוהן. סמאָלענסקינען איז אפשר ניט אזוי איינגענעהם געוועזען צו פֿערנעהמען זיך מיט דעם לערנען, נאָר, וואַנדערענדיג איבער די שטעטליך, האָט ער זיך זעהר פֿיעל אָנגעליטען, און איז געווען צופֿרידען, וואָס ער האָט דערווייל געקריגען אַ רוהיגען אָרט.

דאָך האָט ער מעהר פֿון זעקס מאָנאַטען נישט געקאָנט רוהיג איינזיצען: זיין גייסט האָט זיך ערוועקט צו גרויסע טהאַטען, איהם האָט געצויגען צו דער בריטער וועלט, אום צו ראַנגלען זיך מיט דער פֿינסטערניש, וואָס האָט דאַמאָלס פֿערדעקט די יודישע וועלט, און צו טרייבען זיין פֿאָלק פֿאָרווערטס. ער האָט געזאָגט ר' משה'ן, אַז ער קאָן מעהר ניט בלייבען ביי איהם אַלס מלמד, דען ניט דאָס איז זיין תכלית אויף דער וועלט, ער וויל זיך אליין פֿריהער מעהר ענטוויקלען. ר' משה, אַלס משכיל, איז אַליין געווען צופֿריעדען, וואָס נאָך אַ שטערן וועט אויפֿגעהן אויפ'ן יודישען האָריזאָנט, חאָטש ער האָט ניט געקאָנט זיך פֿאָרשטעלען בעשטימט, וואָס פֿון סמאָלענסקינען וועט אַרויסקומען. די אַמאָליגע משכילים האָבען ניט געזוכט דווקא גרויסע אַרביים. עס איז גוט געוועזען אַ קליינע אַרביים אויך. יעדער האָט געהאַלטען זיך פֿאַר אַ חוב אויפֿצועפֿענען די אויגען חאָטש פֿון איין פֿינסטערן מענשען. איינעם איז אויך גוט, אַבי ניט געזעסען פֿאַר זיך.

ר' משה האָט געפֿינען פֿאַר איהם אַ אָרט פֿון אַ העבּרעאישען לעהרער. אין דער פֿרייער צייט האָט זיך סמאָלענסקין געלערנט לעבּעדיגע שפּראַכען.

פרץ סמאָלענסקין האָט געהאַט זעהר אַ גוט הארץ אונ פלעגט איבער זיינע קרעפטען שטיצען יעדען נויטבעדערפטיגען, נאָר איבערהויפט האָט ער ליעב געהאַט צו שטיצען די יונגע משכילים, וועלכע האָבען געוואָלט דערגרייכען צו עפעס אַ ציעל.

סמאָלענסקין איז פעהיג געוועזען צו ווערן אַ רוסישער בעלעטריסט אונ צו האָבען דערפון פרנסה בכבוד, אונ פיעלע פון זיינע בעקאַנטע האָבען איהם דערצו צוגערעדט, סמאָלענסקין האָט אויך פערמאָגט גרויסע פעהיגקייטען צו מוזיק, אונ פיעלע האָבען איהם צו־גערעדט אַנצוקומען אין קאָנסערוואַטאָריום. ער האָט זיך אָבער פון דעם אלעם ענטזאָגט, דען ער האָט זיך מיט זיין טאַלאַנט געאָפפערט פאַר זיין אייגען פאָלק. אונ אום דאָס פאָלק זאָל איהם פערשטעהן, אונ ער זאָל קאָנען איהם אַ נוטצען ברענגען מיט זיין טאַלאַנט, האָט ער בעשלאָסען צו שרייבען אין העברעאיש. זעלבסטפערשטענדליך, אַז ער האָט דאָס געטהון נישט צו ליעב פערדיענסט, דען אין זיין צייט האָט אַ יודישער ליטעראַט זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז פאַר שרייבען זאָל מען בעצאָהלען געלד.

אין אָדעס האָט זיך דאַן אַרויסגעגעבען, דורך א. צעדערבוים, די איינציגע אין רוסלאַנד העברעאישע צייטונג „המליץ", וועלכע האָט געוואַגט צו געבען עטוואָס פרייערע אַרטיקלען וועגען רעפאָרמען אין „שלחן־ערוך". פון אַנדערע סאָרט רעפאָרמען האָבען דעמאָלטדיגע יודען קיין בעגריף ניט געהאַט. ניט פער־שטעהענדיג אויך די אַנדערע אורזאַכען, וועלכע האָבען זיי געשטערט צו לעבען בעסער אונ בעקוועמער, ניט וויסענדיג פון קיין שום אַנדערע פראַגען אונ אינטערעסען, אויסער דינים אונ מנהגים פון „שלחן ערוך", אין וועלכע זיי אַליין האָבען בעגעגענט די ערשטע שטערונג, — האָבען די דעמאָלטדיגע משכילים געדעכענט, אַז אום צו העלפען דעם יודישען פאָלק, איז גענוג צו פערמינדערן די צאָהל פון די דינים אונ מנהגים, וואָס האָבען ווי אַ שפינוועבס אַרומגעפלאָנטערט דאָס יודישע לעבען פון אַלע זייטען.

און ווי באַלד מען האָט געהאַלטען, אַז דאָס איז ניצליך פֿאַר יודען, האָבען אונזערע ערשטע ליטעראַטען, וועלכע זענען געוועזען אמת'ע אידעאַליסטען, ניט געקוקט אויף דעם שאָדען, וועלכען זיי ברענגען זיך, אויף די רדיפֿות, וואָס זיי ליידען איבער, אַבי דאָס פֿאָלק וועט האָבען פֿון דעם אַ נוץ, — און דער בעוואוסטער ליליענבלום האָט, איינשטעלענדיג זיך. דאָס לעבען אין פּוילען זינען פֿון וואָרט, געשריעבען וועגען רעפֿאָרמירען דעם „שלחן־ערוך". נאָר אַזוי ווי דער המון האָט דאַן קיין שום אַנטהייל גענומען אין דעם אַלגעמיינעם יודישען לעבען און האָט זיך נאָר צוגעהערט צו די רבנים און קהלשע פֿיהרער, האָבען דעריבער די ערשטע שרייבער־רעפֿאָרמאַטען זיך געווענדעט ניט צום פֿאָלק אַליין מיט דער עצה אַוועקצוואַרפֿען די איבעריגע גלות־דינים, נאָר זיי האָבען גערעדט צו די רבנים, זיי זאָלען רעפֿאָרמירען דעם שלחן־ערוך. נאַטירליך זענען זייערע רעד ביי די רבנים ניט אָנגענומען געוואָרען. עס איז איבערהויפּט אונמעגליך, די פֿאָרשטעהער פֿון געוויסע אַלטע געזעצען זאָלען אַליין, ווען דאָס פֿאָלק איז נאָך פֿערפֿינסטערט, רעפֿאָרמירען די אַלטע געזעצעבונג. נאָר ווען די רבנים האָבען זיך ניט צוגעהערט צו די רעד פֿון די שרייבער־רעפֿאָרמאַטען, האָט אַ קליינע צאָהל יונגע מענשען, געוועזענע ישיבה־בחורים, זיך גוט צוגעהערט צו די ווערטער, און דאָס האָט זיי אַביסעל אויפֿגעטרעסעלט און ערוועקט אַ חשק צו אַנדערן, בריימערן לעבען, וועלכעס זאָל זיך ניט בעגרענצען בלויז אין די ד' אַמות פֿון בית־המדרש.

זעהר פֿיעל האָט אין דעם זינען נאָכהער אויפֿגעטהון פּרץ סמאָלענסקין מיט זיין מאָנאַטליכען זשורנאַל „השחר", וועלכער האָט גערעדט שוין צום פֿאָלק אַליין. מען קאָן זאָגען, אַז מיט דעם „השחר" האָט ער אַ נייע עפּאָכע ביי יודען בעשאַפֿען. ער האָט פֿיעלייכט פֿיעל מאָל זיך צו שטאַרק אויסגעדריקט געגען די אַלטע איבערצייגונגען, מען האָט אָבער געמוזט מיט אימפּעט אַריהר טהון דעם וואָגען, וועלכער איז געוועזען איינגעזונקען אין זומפּף.

נאָר אזוי ווי די ווירקונג פון די שלחן־ערוך־רעפאָרמאַטען איז נאַטירליך ניט אימשטאַנד געווען צו פערבעסערן אינ־ גאַנצען די יודישע לאַגע אונ צו בעהיטען דאָס פאָלק פון אָרעמקייט, נויטה אונ פון די שלעק פון אַנטיסעמיטיזם, האָבען דעריבער די יעצטיגע שרייבער אינגאַנצען אויפגעהערט אַנצוריהרען די פראַגע וועגען אַבערגלויבונג אונ בעשווערונג פון די פיעל דינים. ווער רעדט, ווען איינער זאָל זיך חלילה ערלויבען אַנצוריהרען היינט די פראַגע פון דער חסידישער קליידונג מיט די לאַנגע קאַפאָטעס, וואָלטען אַלע אזא מענשען געהאַלטען פאַר משוגע. סטייטש! היינט זאָל מען רעדען וועגען אַזעלכע זאַכען! וואָס וועט אייך העלפען, וועט מען אייך זאָגען מיט א איראָנישען שמייכעל, אַז יודען וועלען שוין ווערן אויפ׳ן אויסזעהן אייראָפעער, — וועט מען אייך אפשר ליעבער קריגען? סטייטש, „נאָוואָיע וורעמיא״, „זנאַמיאַ״ א. ז. וו. האָבען דאָך אַלעמען גלייך פיינד! ... — פונקט ווי מיר דאַרפען טהון נאָר דאָס, וואָס די אַנטיסעמיטען וועט געפעלען. ניין! מיר ברויכען פאַר זיך זעלבסט אַלע צו ווערן אייראָפּעאיש. עס עקעלט יעדען צוקוקען אויף דעם אַלטען אזיאַטישען גאַנג, אונ מיר מוזען איהם אַוועקוואַרפען. די שווערע דינים דריקען היינט אויך. צוליעב די פיעל דינים פון טרפות עסט נאָך היינט אויך דער יוד זעלטען אַ שטיקעל פלייש אונ איז דאַדורך אויסגעדאַרט אונ אָבגעשוואַכט. צוליעב די פיעל דינים פון חמץ אי׳ם פסח ווערט ביי אונז אַ גרוים צעטיל מיט אָרעמע לייט, וועלכע זענען נאָר צוליעב דעם געצוואונגען צו נעמען מעות־חטים. נאָך היינט, ווי אַמאָל, ווען מען האָט חתונה איידער מען האָט ערלערנט עפּעס אַ פאַך, בלייבט מען אַ אייביגער לעדיג־געהער מיט אַ געזינדעל אָרעמע לייט. ביז היינטיגען טאָג בלייבען אייביגע שווינדלער די אַלע, וואָס האָבען זיך קיין פראָפעסיע ניט אויסגעקליבען. יאָ! אַלעס איז נאָך ביי אונז ווי געווען, פיעלייכט אַ 10% האָבען זיך עטוואָס מעהר ענטוויקעלט, אָבער 90% בעשטעהען נאָך פון חסידים, סתם פאַנאַטיקער, וועלכע פיהרען זיך אונ די קינדער

אויפ'ן אלטען, אַסאָליגען שטייגער. נאָר אונזערע ליטעראַטען זענען ווייט פֿון די 90% יורען, זיי אַרט גאָר נישט פֿאַר'ן פֿאָלק. זאָל עס זיך ליעגען אין בלאַטע, אבי די שרייבער אליין האַלטען זיך פֿאַר ענטוויקעלטע. מען מוז אָבער היינט אויך שרייבען אויף דער אַרט פֿון די אַמאָליגע שרייבער פֿון „המליץ" און „השחר", וויפֿיעל מען וואָלט געווירקט וואָלט גוט געווען. ליידער אָבער האָבען זיך אונזערע שרייבער אַ נאָמען געגעבען פּאַטריאָטען. זיי זאָגען, אַז זיי האָבען ליעב יורען, דעריבער חנפֿנען זיי זיך צום פֿאָלק, רעדען ניט קיין שלעכט וואָרט, ענטרעקען ניט קיין שום פֿעהלערן, נאָר לויבען אלע זיינע פֿיהרונגען. דאָס זענען ניט קיין פּאַטריאָטען, דאָס זענען, ניט ווילענדיג, אונזערע שונאים. זיי ברענגען אונז דעם גרעסטען שאָדען: אַנשטאָט זיך וואָס אַמאָל ווייטער צו ענטוויקלען, פֿערפֿיינערן און זיך פֿליסען אויסצוואָרצלען אַביסעל פֿעהלערן, זינקען מיר נאָר, דורך זייערע ווייכע רעד, אין אַ לעטאַרגישען שלאָף.

ווען צערערבוימ'ס „המליץ" איז ארויס אין אָדעס, האָבען די ברידער סמאָלענסקין צוגערעדט צערערבוימען ער זאָל דעם „המליץ" פֿערגרעסערן, און פּריץ האָט איהם געגעבען איינינע אַרטיקלען און ערצעהלונגען צום דרוקען. סמאָלענסקין האָט זיך אָבער געפֿיהלט נישט פֿריי דערמיט, וואָס ער האָט געברויכט זיינע געשריעבענע געדאַנקען אריינגעבען אין די הענד צו אַנדערע, וועלכע האָבען ניט שטענדיג אַלעס געדרוקט. ער האָט געפֿיהלט, אַז דאָ איז פֿאַר איהם ענג דער אָרט, און האָט דעריבער בעשלאָסען אַוועקצופֿאָהרען פֿון אָדעס און גרינדען אַ אייגענעם זשורנאַל, אין וועלכען ער זאָל קאָנען מיט זיין גאַנצער שטאַרקער ענערגיע שטרייטען געגען אַלעס, וואָס איז אַלט, פֿערשימעלט און פֿאַלש, — אַ זשורנאַל, וואו יעדער אמתער מענש זאָל קאָנען ארויסזאָגען זיין מיינונג. ענדע זומער תרכ״ג איז ער אַוועקגעפֿאָהרען פֿון אָדעס.

ער האָט אַ קורצע צייט ארומגערייזט איבער איינינע שטעט אין אויסלאַנד. דאָרט האָט ער זיך צוגעקוקט צו דעם

גייסטיגען לעבען פון די דייטשע יודישע רעפאָרמאַטאָרען, וועלבעס האָט איהם געעקעלט מיט זיין אונלעבהאַפטיקייט, מיט זייער פאַלשען נאָכטהון אין אַלעם די קריסטען אונ מיט'ן שעמען זיך מיט דעם נאָמען יוד. ער האָט זיך ניט געקאָנט צונויפלעבען מיט זיי אונ האָט אויך נישט געפינען קיין מיטלען צום לעבען. פון מיטלען אויף אַרויסצוגעבען אַ זשורנאַל איז גאָר קיין רעדע נישט. ענדליך איז ער געקומען קיין וויען. דאָ הויבט זיך אָן אַ נייער פעריאָד אין זיין לעבען.

די ערשטע צייט האָט ער אין וויען געליטען גרויסע נויטה, דאָך ווען ער האָט זיך בעקענט מיט איינעם אַ סוחר, וועלכער האָט געהאַנדעלט אויף דער בערזע, אונ יענער האָט דערקענט אין סמאָלענסקינען אַ פעהיגען אונ פערשטענדליכען מענשען, האָט ער איהם געראָטהען צו ווערן אַ בערזענמעקלער אונ האָט איהם פערזיכערט, אַז ער וועט ווערן אַ גביר. סמאָלענסקין האָט דערויף נישט איינגעשטימט, דען ער איז בעסער גרייט געוועזען צו ליידען הונגער אונ אָנזעטיגען זיך גייסטיג, איידער צו זיין אַ גביר אונ ברויכען צו טהון פיעלע זאַכען געגען זיינע פרינציפען. ער האָט אָבער ניט געקאָנט אויספיהרען זיין אידעע וועגען זשורנאַל. צום גליק האָט אַ רוסישער גוטסבעזיצער מיטגענומען זיין ברודער לעאָן אַלס בעגלייטער אין אַ לוסט-רייזע אונ האָט איהם דערפאַר גוט בעצאָהלט. איידער דער ברודער איז אַוועק געפאָהרען, האָט ער געגעבען פריז'ן 100 פלאָרין, ער זאָל דערוויל אָנהויבען אַרויסגעבען דעם זשורנאַל, וועגען וועלכען ער האָט אַזוי לאַנג געטרוימט, אונ אין אלול תרכ"ח האָט סמאָלענסקין אַריינגעגעבען אין דרוק דאָס ערשטע העפט פון „השחר".

---

## II.

אין דעם פאָרוואָרט צום לעזער וועגען פּראָגראַם פון „השחר" זאָגט סמאָלענסקין, צווישען די איבעריגע רעד, פאָלגענדעס: „מיט די פערבלענדטע, פערפינסטערטע ווילען מיר גישט שטרייטען, זיי ווילען מיר לערנען, ענטוויקלען און אויפעפענען די אויגען. א מלחמה וועלען מיר פיהרען מיט די פערפיהרער, מיט די, וועלכע ווילען עקסטרא פערפינסטערן דאָס פאָלק, אום זיי זאָלען זיך קאָנען לעבען אליין א גוטען טאָג. אָט מיט די וועל איך פיהרען א שווערע מלחמה". סמאָלענסקין זאָגט־צו אויך צו שטרייטען מיט יענע, וואָס זענען אליין געוואָרען ענטוויקעלט און דערווייטערן זיך פון יודישען פאָלק.

באַלד אין ערשטען העפט קומט די ביאָגראַפיע פון דעם געשטאָרבענעם וויענער רב, וועלכער איז אין פערגלייך מיט אנדערע רבנים געוועזען א ליבעראל. סמאָלענסקין ערקלערט דעם לעזער די וויכטיגקייט פון ביאָגראַפיען דערמיט, וואָס מיר קאָנען זיך אָפלערנען פון גרויסען מענשען און אליין זיך צופיהרען ווי ער. אויסערדעם דערגעהען מיר אויף אזא אָרט די געשיכטע פון דער צייט, אין וועלכער דער גרויסער מענש האָט געלעבט.

סמאָלענסקין טהיילט־איין די גרויסע מענער אין דריי קאַטעגאָריען: פּראָגרעסיווע, וועלכע ברעכען אַלץ, וואָס איז אַלט, און שטרעבען פאָרווערטס; קאָנסערוואַטיווע, וואָס האַלטען זיך אין אַלטען וועג, חאָטש ער איז שוין פערוואַקסען מיט שימעל, און שטרייטען געגען די רעפאָרמאַטען, און אָפּאָרטוניסטען ד. ה. די יעניגע, וועלכע האַלטען זיך אין דערמיט, אין גאָלדענעם וועג, שלום־מאַכער. און ווייל דער רב איז געגאַנגען אין מיטעלסטען וועג, געפעלט ער איהם, הגם ער אליין איז אין דעם וועג ניט געגאַנגען. ער האָט

געבראָכען, געשמאָבען און געקריענט זיך מיט די אַלע, וועלכע האָבען איהם געשטערט צו געהן אין זיין וועג, און דאַדורך מאַקי האָט ער אַזוי געווירקט אויף די לעזער, דען נאָר די גרויסע מענשען, וועלכע וואַרפען זיך ניט אין אַלע זייטען, פליסען זיך ניט צו לעבען מיט אַלעמען בשלום און יעדען צו געפעלען, נאָר זיי געהען בלויז אין זייער אויסדערוועהלטען וועג און שלעפען-מיט אויך אַנדערע מיט זייער גאַנצער, ניט צעטהיילטער אויף אַלע זייטען ענערגיע, — נאָר די טהוען עפּעס אויף, אין דער צייט ווען די אָפּאָרטוניסטען ווערען נאָר פערשלאָפען. נאָר סמאָלענסקין, וועלכער האָט זיך אָנגעזעהן דעם פאַנאַטיזם פון די רוסישע רבנים, איז זעהר צופריעדען געוועזען פון דעם וויענער רב, וועלכער איז אין פערגלייך מיט זיי געוועזען אַ פּראָגרעסיווער רב.

באַלד אין אָנפאַנג געפינען מיר שוין אין „השחר", אַלס מיטאַרבייטער, דעם ד"ר רובין, דעם געטרייען סאָלדאַט פון „השחר", וועלכער איז געשטאַנען טריי אויף זיין פּאָסט די גאַנצע צוועלף יאָהר, וואָס דער „השחר" האָט עקזיסטירט. צווישען סמאָלענסקינען און דעם ד"ר רובין איז אָבגעמאַכט געוואָרען, זיי זאָלען ביידע טריי אַרבייטען אין „השחר", און ווען זאָגאַר פערזענליך וועט זיך צווישען זיי מאַכען אַ פערדרוס, טאָר דער ד"ר רובין ניט ברוגז ווערען מיט'ן „השחר". ווען אַזעלכעס איז מאַקי שפּעטער געשעהען, האָט דאָך דער ד"ר רובין ווייטער געשריעבען אין „השחר", וועלכער האָט, נאָך ביידענס מיינונג, געהערט צום פאָלק, ניט צו אַ פּערזאָן,

רובין, אַלס ד"ר פילאָזאָף, האָט מיט פאַקטען בעוויעזען, אַז פיעל דינים און מנהגים שטאַמען פון די אַבערגלויבונגען ביי די אַלטע געצענדיענער.

דער ד"ר רובין, קאָן מען זאָגען, איז דער קאָנטראַסט פון סמאָלענסקינען. אין דער צייט ווען סמאָלענסקין האָט וועגען יעדער זאַך געקלאַפּט דעם לעזער מיט אַ האַמער אין קאָפּ האָט דער שטילער געלעהרטער רובין געלאַסען און

רוהיג. ווי אַ שטיל וואַסער, אונטערגעגראָבען דעם פונדאַמענט פון פאַנאַטיזם אונ אַבערגלויבען. פיעל מיינען, דאָס ד"ר רובין האָט מעהר געווירקט, ווי סמאָלענסקין אַליין. מיר רעדען אָבער, אַז ווען ניט סמאָלענסקין, וועלכער האָט מיט גערויש אונ שטאַרקע ווערטער אויפגעטרעסעלט דעם מאָרך ביים לעזער, וואָלטען רובינס שטילע חקירות ניט געפינען אזא גוט אויסגעאַרבייט פעלד פאַר זיין זריעה. מען קען זאָגען, דאָס סמאָלענסקין האָט געאַקערט אונ געמיסטינט, אום רובינס חקירות זאָלען געבען פרוכט. שטילע חקרנים, פריידענקער געפינען זיך שטענדיג, זיי ווירקען אָבער בלויז אויף געצעהלטע מענשען. נייע פעריאָדען בעשאַפען נאָר יענע, וואָס רעדען מיט היץ אונ גערויש. דער מענש איז פון דער נאַטור קאָנסערוואַטיוו, אונ טרייבען איהם פאָרווערטס מוז מען מיט גרויס אימפעט.

ווען די שרייבער־אָפּאָרטוניסטען אונ האַלבע פריידענקער, וועלכע שטעהען מיט איין פוס אין מזרח אונ מיט'ן צווייטען אין מערב, וואָס ווילען מען זאָל, ווי אַ שנעק פויזען לאַנגזאַם פאָרווערטס, האַלטענדיג זיך שטייף ביים אַלטען, — ווען אַט די שרייבער זענען אָנגעפאַלען אויף סמאָלענסקינען, פאַר וואָס ער ערלויבט אין השחר דעם ד"ר רובין אונטערצוגראָבען דעם אַלטען פונדאַמענט, האָט ער אַזוי געענטפערט: „איך זעלבסט האַלט ניט פון רובינס חקירות, נאָך מיין מיינונג וואַקסט ניט יעדעס אַבערגלויבען פון אַ אַלטער קוועלע. יעדע נאַרישקייט קאָן פון זיך אַליין בעשאַפען ווערן. אַזוי ווי יענע האָבען געקענט זיין פערנאַרישט, אַזוי זענען מיר אויך נאַריש פון זיך זעלבסט. איך האַלט אָבער, אַז יעדער דאַרף קאָנען פריי אַרויסזאָגען זיין געדאַנק, אונ דעריבער געב איך געבן אַ אָרט אין „השחר" פאַר רובינס חקירות".

סמאָלענסקין האָט זיך נאָך אַזוי אויסגעדריקט: „גלויבען אונ פאָרשען — זענען צוויי בעזונדערע זאַכען. אַזוי ווי מיר קאָנען ניט בעשולדיגען דעם, וואָס זאָגט, אַז די אַלטע בוימער אין קאַליפאָרניען בעווייזען, אַז די וועלט עקזיסטירט שוין מעהר, אלס צעהן טויזענד יאָהר, אַזוי קאָנען מיר ניט בע־

שולדיגען רובינען פאר זיינע חקירות, וועלכע זענען נעגען פיעל זאכען, וואס די ביבעל דערצעהלט אונז".

אין צווייטען העפט הויבט זיך אן דאס ערשטע ארטיקעל מיט דעם טיטעל: „וְהָיָה לעת־ערב יהיה אור" (נאך דער נאכט וועט ווערען ליכטיג). דארט ווערט דערצעהלט א פאקט, וועלכער בעווייזט, דאס די מאכט פון די קאטוילישע גלחים, וואס פלעגען צונעהמען יודישע קינדער און זיי טויפען, איז שוואך געווארען. סמאלענסקין דערצעהלט אונז פריהער מיט גרויס פרייד, אז אין גאנץ אייראפא האט זיך שטארק ערוועקט דער גייסט פון פרייהייט און פראגרעס. אין אנדערע ערטער איז נאך אפילו שטארק די קראפט פון דער פינסטערער קלאסע, עס וועט אבער געוויס דארט אויך ווערן ליכטיג, און אויך דארט וועלען יודען בעקומען זייערע רעכטע. ער ענדיגט נאך אמאל מיט די ווערטער: „און נאך דער נאכט וועט ווערן ליכטיג". אין א אנדער ארט זאגט אפילו דער זעלבער סמאלענסקין, אז די רעכטע, וואס יודען האבען אין דייטשלאנד, זענען ניט קיין זיכערע, און עס איז מעגליך, מען זאל ביי זיי דאס גלייכרעכט צוריק אבנעהמען (דאס איז געשריעבען געווארען מיט עטליכע און דרייסיג יאהר צוריק). סמאלענסקין מיט זיין היסער מענשענ־ליעבענדער נאטור איז אזוי אויפגערעגט געוועזען דערפון, וואס אין אזא ענטוויקעלט לאנד, ווי דייטשלאנד, געפינען זיך אנטיסעמיטען, דאס ער האט געגלויבט, אדער בלויז פון היץ געזאגט, אזא אונמעגליכע זאך. אין א פריי לאנד ווערט דאס געפיהל פון פרייהייט און גלייכהייט אזוי איינגעזויגען ביי יעדען בירגער אין בלוט, דאס עס קאנען זיך איהם גאר ניט לעגען אויפ'ן שכל אזעלכער ארט געדאנקען. געוועהנליך, ביי פיעל מענשען בלייבען געפיהלען פון האס, קנאה א. ז. וו., און זיי געבען עס ארויס אין פערשידענע פארמען. א קליינער טהייל סתם־שלעכטע מענשען אדער אונצופריעדענע מיט זייער שיקזאל, ניט וויסענדיג די ריכטיגע סבה פון זייערע ליידען און נאך ניט פער־געסענדיג דעם אלטען רעליגיעזען האס, בילדען, צווישע פיעל אנדערע פערשיעדענע גרופען אין לאנד, אויך א אנטיסעמיטישען גרופע.

די סתם־שלעכטע מענשען האָבען דערוויילע אויף וועמען צו רעדען שלעכטס, אונ די אונווייסענדע אונצופֿריעדענע בעקומען אין יודען אַ מין סימבאָל פֿון אַלעם בייזען. נאָר אין אַ פֿריי לאַנד, וואו יעדער איז איינגעלעבט מיט דעם געדאַנק, דאָס אַלע מענשען מוזען האָבען גלייכע רעכטע; דאָרט, וואו מען איז געוואוינט צו זאָגען אונ הערען פֿריי פֿערשיעדענע מיינונגען — איז דער טהעאָרעטישער אַנטיסעמיטיזם ניט אַזוי שרעקליך. דיא הויפּטזאַך איז — אין לאַנד זאָלען אַבגעהיט ווערען די פֿונדאַמענטען, אויף וועלכע די געמיינשאַפֿטליכע אונ פּערזענליכע פֿרייהייט איז געבויט, אונ אויף דעם גרונד קאָנען אויך יודען זייערע אינטערעסען שיצען. מיר גלויבען: דאָס פֿיעל אַנטיסעמיטישען וואָלטען אַליין ניט געשטימט אויף דעם, אַז מען זאָל יודען צוריק בעגרענצען זייערע רעכטע, ווען עס האַלט זיך אין לאַנד אָנגעזעהען די פֿונדאַמענט פֿון פֿרייהייט. נאַטירליך, די גיפֿונגען צו קנאה אונ שנאה וועלען ביי מענשען קיינמאָל ניט אויפֿהערען. זיי ווערען אָבער טאַקטישער, מען פֿערהאַלט זיך גלייך, אונ גאָר דאָס מוזען מיר פֿערלאַנגען אונ פֿערהיטען, אַז מען זאָל זיך מיט אונז בענעהמען גלייך ווי מיט אַלעמען. וואָס מען רעדט אויף אונז שלעכטס, מאַכט נאָך ניט אויס, אַבי דאָס געזעץ זאָל גלייך אַלעמען בעשיצען. בעזונדער די צאָהל מענשען מיט רעליגיעזען האַס ווערט דאָך הייס אַמאָל וועניגער; דאָרט, וואו יודען האָבען אַלע רעכטע אונ שטעהען אויף זעלבען קולטור־שטאַנד, ווי אַלע איינוואוינער, קומט וועניג אויס צו געדענקען אַן יודען. אויך די צאָהל פֿערבלענדטע שונאים ווערט וואָס אַמאָל וועניגער, אונ אויף וויפֿיעל מיר זענען פֿערזיכערט, אַז די פּאָליטישע אונ געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג אין לאַנד וועט ניט איבערגעטוישט ווערען אויף ערגער, אויף אַזוי פֿיעל זענען מיר אויך פֿערזיכערט, אַז יודען וועלען האָבען זיכער זייערע רעכטע.

## III.

צום דריטען העפט זאָגט סמאָלענסקין אין זיין פאָררעדע צו די לעזער: „איך האָב נאָך פון „השחר" קיין מאַטעריעלען נוצען געהאַט. עס איז אויף שפּעטער אויך גאָר ניט צו האָפען. אויף די בלויזע אויסגאַבען פון דרוק און פּאַפּיער ברויך מען צוהאָבען 600 אַבאָנענטען, און דאָס איז אונמעגליך (דאָן איז 600 אַבאָנענטען געוועזן שוין אַזאַ גרויסע צאָהל, וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר אַ אונמעגליכער זאַך).

דעריבער ערלויב איך מיר צו פאָדערן פון די לעזער, יעדער זאָל זעהן ווי וויט מעגליך צו שטיצען דעם „השחר", אום ער זאָל קענען עקזיסטירען".

אין דעם וואָרט צו די מיטאַרבייטער שרייבט סמאָלענסקין: „איך בעט, מען זאָל מיר ניט צושיקען אַזעלכע זאַכען, וועלכע זענען ניט פאַר דעם „השחר". איבערהויפּט פערלאַנג איך, יעדע זאַך זאָל זיין טראַקטירט לאָגיש. איהר קענט קריטיקירען מיינע ווערק, און איך וועל געבען אויף דעם אַ אָרט אין השחר, ווען עס וועט נאָר יוערטה זיין געדרוקט צו ווערן. יעדער קריטיקער זאָל נאָר רעדען וועגען בוך און ניט וועגען דער פערזענליכקייט פון שרייבער. דער שרייבער קאָן ענטפערן אויף דער קריטיק, אָבער ניט אָנריהרען דעם קריטיקער. פּאָעזיע וועל איך דרוקען נאָר דאַן 1), ווען עס וועלען זיין נישט קיין לויבליעדער. 2) דאָס ליעד זאָל אין זיך ענטהאַלטען אַ טעמע, וועלכעס האָט אַ שייכות צו יודען. 3) ניט קיין איבערזעצונג". דען סמאָלענסקין האָט געוואָלט, מען זאָל נאָר בעריהרען דאָס יודישע לעבען, אום אויסצושניידען אַלע שלעכטע געוויקסע. סמאָלענסקין, שרייבענדיג בעלעטריסטיק, האָט ניט אין זינען געהאַט, ווי היינטיגע שרייבער, בלויז פאַר־צושטעלען, ווי אַ קונצמאַכער, דאָס בילד. ער האָט געוואָלט לערנען דאָס פאָלק, און אַלס לעהרער — האָט ער זיך בעמיהט צו בעווייזען די פעהלערן פון יודישען לעבען. זייענדיג אַליין

אַ היסער נאַציאָנאַליסט, ליעב האָבענדיג יודען מיט זיין גאַנצער היסער נאַטור, טרויערנדיג אויף די ליידען אונזערע אַלס יודען און בעמערקענדיג אויך אַלע גוטע זייטען פון יודען, האָט ער זיך דאָך אָם מייסטען פערנומען מיט די ערגסטע יודישע טיפען. אָט טאַקי דאַדורך, ווייל ער האָט ליעב געהאַט יודען, האָט איהם פערדראָסען יעדער פעהלער, און ער האָט געוואָלט, אַז יודען זאָלען זייערע פעהלערן פערריכטען.

לעזענדיג דעם „התועה", וועלכער האָט אין זיין צייט אַזא שטאַרקען רושם אָנגעמאַכט, זעהען מיר, ווי דער עיקר אין בעלעטריסטיק איז ניט די קונסט, נאָר די אידעע. אַלס קונסט־ווערק שטעהט דער התועה ניעדריג. סמאָלענסקין אין „התועה" האָט אָבער געוואָלט זיין נישט קינסטלער, נאָר רעפאָר־מאַטאָר. די ווערטער פון פערפאַסער זעלבסט, זיינע ביטערע שטראָף־רעד האָבען געמאַכט אויף דעם לעזער אַזא שטאַרקען איינדרוק. זיין העלד דָן האָט ניט געווירקט מיט זיינע אונ־גלויבליכע מעשיות, נאָר מיט זיין רעדען וועגען די פערדאָר־בענהייט, שלעכטסקייט און פאַלשקייט פון לעבען. מיר זעהען, ווי דער פערפאַסער בינדט אין איילעניש צוזאַמען אַלע פאַקטען נאָר צוליעב דעם, אום ער זאָל קאָנען אַרויסזאָגען זיין שווערען פסק־דין איבער זיי.

אין ענדע פון ערשטען טהייל פון „התועה" זאָגט סמאָלענסקין: „איך וועל זיך ניט איינהאַלטען און שווייגען, נאָר איך וועל רעדען און שרייען הויך, אום עס זאָלען הערען אַלע, וועלכע האָבען אויערן. איך וויל ניט בערעדען מיין פאָלק, וועלכעס איך ליעב מיט לייב און זעלע. איך וויל עס נאָר פערהיטען פון יעדען גיעדריגען און פערדאָרבענעם מענשען און אויסצוררייסען מיטן וואָרצעל די ווערים פון דער מענשהייט. דאָס איז מיין ציעל".

דען וואָס איז אין אמת'ן דער גאַנצער ווערטה פון ליטעראַטור, ווען זי לערנט ניט און הייבט ניט אויף אַביסעל העכער דעם לעזער, עפענט איהם ניט אויף די אויגען און בעווייזט ניט די שלעכטע זייט פון מענשען? ליידער אָבער

האבען זיך היינט ביי אונז פערמעהרט אזעלכע פוסטע שרייבער, וועלכע זענען ניט מעהר, ווי קונצענמאכער. זייער גאנצעס ציעל איז נאר די קונסט, די קענטעניש פארצושטעלען ריכטיג דאס בילדעל. פון אזא בעלעטריסטיק ווערט דעם לעזער ניט ליכטיגער, עס ערוועקט איהם ניט צום קלערען און דענקען.

דאס בילדעל איז טאקע שן, עס איז אבער ניט קיין רפואה. איבערהויפט ווערען היינט פארגעשטעלט אלץ אזעלכע ליעבע זאכען: א אלטע באבע א גוטיטשקע, א פרומער יוד אריינגעטהון בגויז אין מעשים־טובים, א ארבייטער אויסגעקנאטען פון ארענטליכקייט און אלץ אזעלכע גוטע מענשען. ווי די פאלשע נביאים, זוכען אונזערע שרייבער נאר די גוטע זייט און געבען־נאך דעם לעבען. און דאס בילד איז אזוי ארומגעפוצט, גלאט, אז עס איז א מחיה צו לעזען, א געשמאק צוקערל. אבער אט די שפייז מאכט דעם לעזער ניט קרעפטיגער, ער ווערט ניט אנדערש, ווי ער איז געוועזען. איבערלעזענדיג דאס בילדעל, בלייבט דער לעזער אינטעלעקטועל דער זעלבער, וואס פריהער. מיר מיינען ניט, אז אלע מוזען שרייבען בעלעטריסטיק נאך דעם נוסח פון „התועה", אבער די קונסט צוליעב קונסט, וועלכע האט זיך די לעצטע צייט אזוי איינגעווארצעלט אין דער יודישער ליטעראטור, איז פאר אונז אזא אומגליק, געגען וועלכען מיר זענען מחויב צו שטרייטען מיט אלע אונזערע כחות.

פ ר י ש מ א ן אין זיינע „מכתבים על־דבר הספרות" שרייבט:

„ביי מענדעלי מוכר־ספרים קומט דאס יודישע לעבען ארויס ריכטיג, דאן ווען ביי סמאלענסקינען איז עס געמאטערט; ווען פאר מענדעלען איז גענוג אפאר שטריכען, אום מיר זאלען דאס בילד דערזעהן, ברויך סמאלענסקין אנשטאט דעם אסך אנצורעדען". יא! עס איז זעהר ריכטיג, מענדעלי איז א קינסטלער! אבער אין דער צייט, וואס זיין בעשרייבונג פון שלעכטען לעבען ערוועקט ביי אונז ניט מעהר, ווי א קרעכץ אויף די יודישע צרות, און מענדעלי אליין זיפצט אויך דערביי — וועקט אונז סמאלענסקין צו ארבייט, צו צעברעכען די קייטען און ווי ווייט

מעגליך צו פֿערזאַסערן די לאַגע. ער קרעכצט ניט, נאָר ער בייזערט זיך אויף דאָס שלעכטע.

נאָר מענדעלי איז ניט בלויז אַ קינסטלער; יעדע בע־שרייבונג זיינע ענטהאַלט אַ געוויסע אידעע, צו יעדען בילד גיט ער צו זיין אייגען וואָרט. דער גרעסטער טהייל אָבער פֿון די איבעריגע שרייבער פֿערמאָגט ניט מעהר, אַלס די בלויזע קונסט.

---

## יג.

צום צווייטען האלבען יאָהר „השחר" ווענדעט זיך סמאָלענסקין ווידער צו די לעזער מיט אַ גרויסער רעדע, וואָס איהר אינהאלט קאָן מען אפילו אַרויסזאָגען אין קורצען, נאר אין העברעאישען לאָזט זיך זעהר צו רעדען לאַנגע פּראַזען אונ דעם זעלבען געדאַנק עטליכע מאָל איבער צו חזרן אין פֿער־שיעדענע אויסדריקען.

„איך וויים — זאָגט ער — אז פֿיעל אַבאָנענטען פֿון „השחר", וועלכע זעהען, ווי לאַנגזאם אונ שפּעט די העפטען געהען־אַרוים, פֿיעל שפּעטער נאָך דער בעשטימטער צייט, — ווילען זאָגען: „מיטן השחר וועט זיין דאָס זעלבע, וואָס מיט אַלע העברעאישע זשורנאַלען, וועלכע מאַכען זיך צו, נאָך איידער זיי הויבען־אָן ארויסצוגעהן". אונ איך וויים, אַז פֿיעל ווילען האָבען דערפֿון קרענקונג אונ ווילען רעכענען, אַז דער רעדאַקטאָר האָט זיך איבערגעשראָקען אונ האָט חרטה געקריגען אויף זיין אַרבייט, דעריבער געפֿין איך פֿאר נויטיג צו ענטדעקען די ריכטיגע סבות דערפֿון".

„מיט'ן גאַנצען האַרצען — זאָגט ער ווייטער — האָב איך אָנגעהויבען צו אַרבייטען, ניט צוליעב געלד אונ ניט צוליעב כבוד. שוין וויפֿיעל יאָהרען האָב איך אַיין געקלערט, אַז יודען ברויכען צו האָבען אַ פּאָפּולערן זשורנאַל, וועלכער זאָל קיינעם ניט חנפֿנן, זאָל נאָר בלויז אין זינען האָבען די נוצען פֿון יודישען פֿאָלק אונ דעם ריינעם אמת.

„איך האָב געהערט דאָס געשריי פֿון די משכּילים, וואָס ווילען זיך בילדען אונ ווערען געדריקט פֿון די פֿאַנאַטיקער, וועלכע נעמען זיך כּלומרשט אָן גאָטס קריוודע, אבער אין אמתען מיינען זיי נאָר זייער אייגענע טובה. זיי דריקען דעריבער די מענשען, וועלכע ווילען פֿערשפּרייטען ליכטיגקייט צווישען פֿאָלק, אום מען זאָל ניט דערזעהן זייער פֿאַלשקיים. פֿון דער

צווייטער זייט ווידער קוקען מיט גאוה אויף אַזעלכע משכּילים די יענינע, וועלכע ווילען ניט וויסען פון העבּרעאיש".

דאָ ערקלערט סמאָלענסקין זעהר ריכטיג, אַז די נאַציאָנאַלע שפּראַך בּינדט צוזאַמען דאָס פאָלק מעהר, אַלס די רעליגיע, און אַזוי ווי נאָך זיין מיינונג איז די יודישע נאַציאָנאַלע שפּראַך בּלויז די העבּרעאישע *), דעריבּער שרייט ער אויס, אַז די אַלע, וועלכע האַלטען ניט פון העבּרעאיש און גלויבען ניט, אַז יודען וועלען צוריק ווערען אַ פאָלק אין זייער אייגען לאַנד, האָבּען געפעלשט אין זייער פאָלק. דאָ צעהיצט ער זיך און לאָזט אַזוי פאַנאַנדער די העבּרעאישע מליצה, דאָס עס איז גאָר אונמעגליך איבּערצוגעבּען זיינע ווערטער. נאָר ווען מען זאָל אפילו ניט איינשטימען מיט איהם, קריגט מען דאָך התפּעלות פון זיין הייסער ליעבּע צום יודישען פאָלק. אָם ענדע זאָגט ער: „נישט דאָ איז דער אָרט דערפון צו רעדען. איך האָבּ זיך אָבּער ניט געקאָנט איינהאַלטען, דען ווען איך רעד-אויס וועגען דעם בּלויז איין וואָרט, ווער איך שוין אָנגעצונדען. דאָס נאָר האָבּ איך געוואָלט זאָגען, אַז די משכּילים מיט יודישע הערצער זענען צו שאַנדע בּיי די פאַנאַטיקער, ווי אויך בּיי די אַסימילאַטאָרען. איך האָבּ זיך געפרעגט: פאַר וואָס געפינען זיך בּיי אַלע פעלקער אַזעלכע בּעוויסטערטע מענשען, וועלכע אָפּפערן זיך פאַר'ן אמת, שטעלען זיך אין געפאַהר געגען אַ שטאַרקער מאַכט און געהען

*) זשאַרגאָן אַלס ליטעראַטור-שפּראַך האָט דאַן ניט עקזיסטירט. די אַסימילאַטאָרען ווידער האָבּען אויף דער יודישער שפּראַך, זשאַרגאָן, ניט געערדט און האָבּען אוועקגעוואָרפען אויך די העבּרעאישע שפּראַך. די איינציגע אָנהענגער פון בּעוואוסטזיניגען נאַציאָנאַליזם זענען געוועזען די משכּילים, וועלכע האָבּען געלעבּט צוזאַמען מיט'ן גאַנצען פאָלק און געלעזען אויך העבּרעאיש (די מאַסע איז שטענדיג געוועזען אינסטינקטיוו אַהן אידעען, נאַציאָנאַל און האָט זיך געהאַלטען בּיי'ם זשאַרגאָן), דעריבּער האָט זיך אויסגעמישט נאַציאָנאַליזם מיט העבּרעאיש אַזוי שטאַרק, דאָס מען מיינט אַז נישט האַלטענדיג העבּרעאיש פאַר די הויפּט שפּראַך יודישע קאָן מען קיין נאַציאָנאַליסט נישט זיין.

העלפֿען אַלע אונטערדריקטע, — אונ בײ אונז יודען, ווען מיר ברויכען צו שטרייטען געגען אזעלכע שוואכע פֿליעגען, שווייגט מען אַזױ? . איבערטראַכטענדיג וועגען דעם, האָב איך צו מיר געזאָגט: שטעה־אויף אונ טהו! אונ איך האָב אָנגעהױבען אַרויסצוגעבען דעם „השחר", אין וועלכען איך וועל אויפֿווייזען די שעדליכקייט פֿון די פֿאַנאַטיקער אונ פֿון די פֿעלשער (בוגדים לעמם). אַרױסגעבען דעם „השחר" וועל איך ווייטער אויך. אין פֿריהעריגען ניט רעגולערען גאַנג איז שולדיג דער דרוקער".

## V.

צום ערשטען העפט פון צווייטען יאהר „השחר“ נעהמט סמאלענסקין ווידער ארויס מיט א גרויסער פארערע ווענען זיין פראגראם. אבערענדיג געוויסע מליצות וועגען פערשיעדענע פארטייען ביי יודען, געהט ער איבער מיט קלארע ווערטער צו דער אידעע פון דענקען, רעדען און טהון. ער ברענגט דערביי אייניגע ציטאטען פון באקלען, קאנטען, מיראבא׳ן א. ז. וו. קורץ קאן מען עס אזוי רעזומירען. טראכטען, דענקען איז פון מענשענס ווילען ניט אבהענגיג. עס טראכט זיך, ווען דער מענש וויל אפילו ניט. אז עס קומט דעם מענשען אריין א געדאנק אין קאפ, קאן ער איהם פון קאפ ניט ארויסטרייבען. היינט ווי באלד דער מענש קאן ניט הערשען איבער זיינע געדאנקען, קאן ער פאר זיי ניט זיין פעראנטווארטליך אויף אזוי פיעל, דאס ער זאל ווערן בעשטראפט פאר שלעכטע, לויט דער געמיינשאפטליכער מיינונג, געדאנקען.

רעדען איז די ריכטיגע פאלגע פון טראכטען. די רעדע איז א שליח ביי׳ם געדאנק. דורך דעם רעדען דערוואוסט מען זיך די פיעל פערשיעדענע געדאנקען פון פערשיעדענע מענשען, און יעדער קאן דאדורך איבערקלערן, וועמענס געדאנק איז דער ריכטיגער. אלזא מוז א מענש האבען דאס רעכט צו רעדען אלעס, וואס ער טראכט, ד. ה. צו רעדען דעם אמת. נאר אזוי ווי מיר קאנען דאך ניט וויסען אויף ריכטיג, וואס דער מענש טראכט, בעת ער רעדט, טארען מיר דעריבער קיינעם ניט בעשטראפען זאגאר פאר אזעלכע רעד, וועלכע שטימען ניט, נאך אונזער מיינונג, מיט׳ן רעדנערס געדאנקען, ד. ה. ווען ער רעדט פאלש.

טהון אבער האט שוין דער מענש יא א ווילען; אויף אזוי פיעל קאן ער שוין איבער זיך יא געוועלטיגען, דאס ער

זאל אמאל ניט טהון אזעלכעס, וואס איהם ווילט זיך • דעריבער איז יעדע איינצעלנע פערזאן פעראנטווארטליך פאר איהרע מעשים, די געמיינשאפט קאן פאדערן פון איהר מיט־גליעד, דאס ער זאל ניט טהון אזעלכעס, וואס איז נאך דער עפענטליכער מיינונג א שלעכטע זאך *)".

סמאלענסקין דערצעהלט ווייטער, אין דער זעלבער פאר־רעדע, וואס פאר א שאדען עס האט געבראכט די בעגרענצונג פון רעדע־פרייהייט אויף דער גאנצער וועלט, ווי אויך אין אידישען לעבען, אונ ענדיגט דערמיט, אז צוליעב דעם האט ער געגרינדעט דעם „השחר", אום יעדער זאל קאנען אין איהם פריי ארויס־זאגען זיין מיינונג וועגען רעפארמען ביי יודען.

סמאלענסקין האט גערן געגעבען א ארט אין „השחר" פאר אזעלכע ארטיקלען, מיט וועלכע ער איז אפילו ניט אין גאנצען איינשטימיג געוועזן. ער האט נאר איין מאל בעמערקט, דאס לויט זיין מיינונג, איז די אידעע פון געדרוקטען ארטיקעל ניט ריכטיג. ער האט זיך פיעל מאל געבעטען ביי שרייבער, זיי זא. ען איהם שיקען ארטיקלען, אונ איז שטענדיג צופרידען געוועזען צודרוקען פון אנדערע שרייבער פערשיעדענע מיינונגען, אום ארייצוגלאזען אביסעל לעבען ביי יודען, מען זאל הערען פערשיעדענע מיינונגען אונ געוואהנט ווערען איבערצו־קלערען יענעמס רעד, ניט גלויבען אויפ'ן ווארט; ניט האלטען זיך שטייף ביי די אלטע אויטאריטעטען אונ מורא האבען

*) מיט דעם לעצטען געדאנק זיינעם קאן מען, זעלבסטפערשטענדליך, ניט אין גאנצען איינשטימען. די ריכטיגע פערזענליכע פרייהייט בעשטעהט אויך דערין, דאס יעדע איינצעלנע פערזאן זאל זיך קאנען פיהרען, ווי זי וויל, ווען זי שטערט נאר ניט דערמיט דעם צווייטענס פרייהייט. די ריכטיגע פארמולע פון פערזענליכע פרייהייט איז: „די פרייהייט פון איין מענשען ענדיגט זיך ערשט דארט, וואו עס פאנגט זיך אן די פרייהייט פון צווייטען".

אַ צווייפעל צו טהון אין זייער חכמה, פיעלייכט זענען זיי גאָר פשוט אינטע נאַראָנים. סמאָלענסקין האָט אויך אַריינגעפיהרט אין די ליטעראַטור נייע שרייבער, אונ ביי וועמען ער האָט נאָר ערקענט עפּעס אַ טאַלאַנט צו קענען אויפ'ן פּאַפּיער אַרויסגעבען זיינע געדאַנקען, האָט ער יענעם שוין ניט געלאָזען רוהיג אַליין זיך קלערן, נאָר געפאָדערט, ער זאָל שרייבען אונ אַרויסזאָגען זיין מיינונג, ניט מורא צו האָבען פאַר קיין זאַך. ער האָט אָבער זעהר וועניג מיטהעלפער געהאַט אונ דעם גרעסטען טהייל „השחר“ האָט ער געמוזט פערפילען מיט אייגענער אַרבייט.

אין „השחר“ פון צווייטען יאָהר געפינען מיר שוין די שירים פון בעוואוסטען העבּרעאישען פּאָעט יהודה־ליב גאָרדאָן, אין וועלכע ער שילדערט אונז די גרויסע שטערונגען אין לעבען, וואָס די איבעריגע דינים מאַכען אונז אָן. אין דעם ערשטען שיר „אשקא דריספּק“ שטעלט ער אונז פאָר, ווי צוליעב אַ גערשט, וואָס מען האָט געפינען אין דער זופּ, דעם ערשטען טאָג פּסח, ביי אַ אָרימע פאַמיליע פון אַ בעל־עגלה, איז וואָרט פערשטערט געוואָרען דער יו"ט אונ דער שלום־בית אויף שטענדיג.

דעם גרעסטען טהייל פּובּליציסטישע אַרטיקלען וועגען רעפאָרמען אין יודישען לעבען האָט יל"ג געשריעבען אין „המליץ“. אין „השחר“ פון דעם יאָהרגאַנג געפינען מיר זיינס אַ קליין אַרטיקעל, וועלכעס האָט, — ניט דער שולד פון רעדאַקטאָר — ניט געקאָנט זיין געדרוקט אין „המליץ“. אין דעם אַרטיקעל ווענדעט ער זיך צו די רעאַקציאָנערן מיט אַזעלכע ווערטער: „איהר דערמאָנט אַלע טאָג משיח'ן, אונ די רעפאָרמירטע האָבען אויסגעמעקט דעם „אני מאמין“. נאָך מיין מיינונג ליעגט איהר אין דעם פּונקט ווי זיי, נישט ווייניגער. אייער אויפפיהרונג אונ אייער אַרט לעבען בעווייזט, אַז איהר רעדט בלויז מיטן מויל: „אחכה לו בכל יום שיבוא“ (איך וואַרט אויף איהם יעדען טאָג); אין אמתן אָבער מיינט איהר עס גאָר ניט. איהר גרייט ניט צו אייערע קינדער, משיח זאָל זיי קאָנען נעמען אין ארץ ישראל. זאָל, למשל,

איינט קומען משיח, קאָנען אונזערע ברידער, די רעפאָרמירטע, באלד זיך ווענדען צו איהם אונ זאָגען: „מיר האָבען געזינדיגט, זיי אונז מוחל, מיר זענען יעצט גרייט צו דיין בעפעהל". — אונ ער וועט זיי געווים גערן צוגעהמען, דען ער וועט אין זיי געפינען גוציבע אונ פעהיגע מענשען, וועלכע ער ברויך; אָבער וואָס וועט ער ביי אייך געפינען, אונ מיט וואָס קאָנט איהר איהם נוצען? מיט פשטלעך? המצאות? מהרש"א-דרעהדלעך? מיט נאַרישען תלמודישען פלפול אונ דרשות? וועט ער דען געפינען ביי אייך אזעלכע מענשען, וועלכע מען ברויך צו האָבען, אום איינצואָרדנען א לאַנד? צי וועט ער פון אייך קאָנען מאַכען פיהרער פון א לאַנד, וועלכע מוזען האָבען א ידיעה אין פאָליטיק, פאָליטישע עקאָנאָמיע, פינאַנץ-אונ-קריעגס-קונסט? ער וועט אפשר געפינען צווישען אייך אַרכיטעקטען, אינשזעניערען, געלעהרטע, קענער פון פרעמדע שפראַכען? אָדער דאָקטוירים, פּראָוויזאָרען, פערשיעדענע טעכניקער, וועלכע קאָנען פערשפרייטען פאַבריקאַט אונ מאַכען נייע ערפינדונגען? צי וועט ער געפינען ביי אייך פעהיגע בעלי-מלאכות, געזונדטע פיזישע ארבייטער? ניין! בלויז באַנק-קוועטשער, הינטערן-אויווען-זיצער אָדער מורי-הוראות וועט איהר זיין!.. אונ אפשר וואָלט ער אייך טאַקי איבערגעבען די רעגיערונג פון לאַנד, אום די איינגלויבונגען אונ די אַרט לעבען, וועלכע איז ביי אייך איינגעוואָרצעלט געוואָרען, זאָלען דאָן דערגרייכען די העכסטע שטופע? איהר זאָלט דאָרט איינ-אָרדנען די פיער מיתות-בית-דין פאַר דער קלענסטער תולדה פון די ל"ט אב-מלאכות אונ פאַר יעדען דין, וואָס די לעצטע פּוסקים האָבען צוגעגעבען צו די תרי"ג מצות, וועלכע ר' שמלאי האָט אויסגעדרשנט? אויב איהר וועט זיך אזוי פיהרען, וועלען אַלע אנדערע פעלקער אונז פערניכטען, דען מען קאָן ניט לאָזען עקזיסטירען אזא אָרדנונג אין אזא פונקט, ווי פּאַלעסטינא איז".

גאָרדאָן זאָגט ווייטער, אז יודען מוזען אוועקוואַרפען דעם פלפול, ניט זיין קיין לעדיג-געהער, זיך נעהמען צו מלאכות

און פאַבריקאַנט, נים זיין קיין שאַרלאַטאַנען און האַנדלען ערליך, וועלען אַלע פעלקער זעהן, וואָס פאַר אַ פיין פאָלק מיר זענען, און וועלען אונז פיעלייכט מאַכען אָבגעבען פּאַלעסטינא.

גאָרדאָן איז געווען איינער פון דער קאַטעגאָריע משכילים, וועלכע מיינען, אַז יודען מוזען נור אַזוי אָדער אַזוי זיך צו פיהרען און טהון, בלויז צוליעב דעם זיי זאָלען די פרעמדע געפעלען, פונקט ווי דאָס אַלעס, וואָס ער האָט אויסגערעכענט, איז פאַר זיך זעלבסט אַ קליינעם נוץ.

אין „השחר" פון זעלבען יאָהרגאַנג געפינען מיר ליליענבלומס אַ אַרטיקעל, וועלכען האָט אויך ניט געקאָנט זיין געדרוקט אין „המליץ". אין דעם אַרטיקעל ערקלערט ליליענבלום, דאָס פיעל דינים האָט מען שוין לאַנג געקאָנט מבטל זיין אַזוי, אַז עס זאָל גאָר ניט שאַדען דעם גרונד פון יודישקייט. ער ווייזט אויך אָן אויף אייניגע דינים, וועלכע פיעל יודען האָבען שוין אַליין אַוועקגעוואָרפען, ווייל זיי שטערען זעהר אין לעבען. ער פערלאַנגט אָבער פון די רבנים, דאָס צוליעב דעם נוצען פון דת זעלבסט זאָלען זיי אָט די דינים אַליין מבטל זיין, אום עס זאָל ניט אויסקומען, אַז מען טהוט אַ עבירה: דאַדורך קאָן מען זיך איינגעוואָהנען צו בּרעכען אויך דינים, וועלכע זענען נויטיג און נייטיג.

אין דעם אַרטיקעל זעהען מיר שוין די ווירקונג פון דער רוסישער רעאַליסטישער ליטעראַטור פון די 60-ער יאָהרען אויף אייניגע יודישע שרייבער.

„איך און נאָך אייניגע — זאָגט ליליענבלום — האָבען מיר ערוועקט די פראַגע פון רעפאָרמען, ניט אום צו רעפאָרמירען די תפלות, וועלכע ליעגען ניט אויף אונז ווי אַ שווערע משא, נאָר אום איינצופיהרען רעפאָרמען, וועלכע זענען נויטיג אין לעבען. אונזערע רעד האָבען אויף די רבנים ניט געווירקט, אָבער דאָס לעבען טהוט דאָס זייניגע. ווען די רבנים וואָלטען פערשטאַנען, אַז צוליעב דעם פערשימעלטען תלמודישען פלפול, אין וועלכען זיי זענען פערזונקען, קאָנען זיי ניט זעהען, אַז דאָס פאָלק לעבט, מוז לעבען און קאָן ניט זיין אייביג

פֿערחלומט, ווי זיי, ווען די רבנים וואָלטען נאָר אַביסעל געזעהן, וואָס עס טהוט זיך אין דער לעבעדיגער וועלט, וואָלטען זיי געוואוסט, אז א פֿאָלק, וואָס לעבט, בעוועגט זיך אונ שטרעבט צום לעבען, קאָן ניט מקים זיין די אַלטע פֿערעפֿושטע גזרות, וועלכע בעשווערען אַזוי דאָס לעבען".

„דער גרונד פֿון דָת איז דער גייסט, דאָס ד ע נ ק ע ן (עיון), אונ דער גרונד פֿון לעבען איז אַ ר ב י י ט (מעשה). ביי'ם בית־ראשון, ווען די יודישע נאַציאָן האָט ג ע ל ע ב ט אונ זיך ב ע וו ע ג ט, האָט זי ניט געקאָנט אָבהיטען דעם דָת, וועלכער איז ניט געוועזען איינגעאָרדענט לויט דער איבערטייטשונג פֿון די לעבענספֿאָרמען אונ די פֿאָדערונגען פֿון יענער צייט. די אַנְשֵׁי־כְּנֶסֶת־הַגְּדוֹלָה, וועלכע האָבען דאָס פֿערשטאַנען, האָבען רעפֿאָרמירט דעם דָת לויט דעם געברויך פֿון נייעם לעבען. נאָכ'ן חורבן איז צוגענומען געוואָרען דאָס לעבען פֿון דער יודישער נאַציאָן, דעריבער האָבען יודען געקאָנט אָבהיטען דעם דת מיט אַלע פּינקטלעך אין אַלע צ יי ט ע ן אונ פּ ע ר י אָ ד ע ן. אויף אַ געשטאָרבענעם ווירקט קיין צייט ניט, אונ ביי אַ טויטער נאַציאָן זענען אַלע צייטען גלייך. יעצט האָבען מיר זיך ערוועקט צום לעבען, אונ דער דת. ד. ה. די דינים, וועלכע זענען געשריעבען געוואָרען אין פֿערלויף פֿון הונדערטער טויטע יאָהרען, קאָנען ניט עקזיסטירען ביי לעבעדיגע מענשען. דער דָת אַליין שרייט: „מאַכט מיך לעבעדיג, פֿערריכט מיך אום איך זאָל זיין ראוי צו מיין פֿאָלק". צי ווייסט דאָרט, וואָס די רבנים פֿערשטאָפּען זיך די אויהרען, דאָס קול פֿערשטימט ווערן? איך צווייפֿעל דערין... זאָלען אונזערע רבנים אַרויסגעהן פֿון זייערע בתי־מדרשים אונ זעהן, וואָס דאָס פֿאָלק טהוט אונ איז געצוואונגען צו טהון, וועלען זיי פֿערשטעהן, וואָס זיי פֿיהרען־אוים מיט זייער עקשנות".

„נאָר וואָס זאָלען מיר זיך וואונדערן אויף די רבנים, פֿאַר וואָס זיי קאָנען ניט דאָס לעבען, ווען דאָס רוב שרייבער־

משכילים האָבען דערין ניט קיין גרעסערע ידיעה. מיר האָבען אַן איינענעם שיללערי, לעססינג, וואָלטער אונ געטהע, אונ איך גלויב, אַז דער איבערזעטצער האָט ניט פערלאָזט זיין אויסדער־וועהלט פאָלק אויך אָהן אַ יודישען טשערנישעווסקי אונ אַ יודישען פיסאַרעוו. אָבער וואו זענען די גוטע אידעען וועגען לעבענס־פראַגען, וואָס אונזערע שיללערס, לעססינגס א. ז. וו. האָבען פערשפּרייט? אין דער צייט, ווען די גאַנצע רוסישע געבילדעטע קלאַססע האָט זיך אויפגעטרעסעלט פון די נייע אידעען, וועלכע טשערנישעווסקי אונ פיסאַרעוו האָבען פערשפּרייט, אום צו בעשיידען די פראַגע פון אַלגעמיינעם גליק, אין דער זעלבער צייט פערטומלען אונזערע שרייבער די וועלט מיט פוסטע נאַרישקייטען... די איראָפעאישע זשורנאַליסטיק איז יעצט פול מיט פראַגען, ווי צו פערקלענערן די צאָהל פון פּראָלעטאַריאַט, צו בערוהיגען די צוויי־פלענדע אונ גליקליך צו מאַכען די גאַנצע מענשהייט, — און אונזער זשורנאַליסטיק בעמיהעט זיך צו בעשיידען די פראַגע, אויב מען מעג היינט מקריב זיין קרבנות. א. ד. ג."...

„איך בין זיכער, אַז די רבנים אונ די ליטעראַטען האָבען געגעסען היינט אונ איבערגעלאָזט אויך אויף מאָרגען, אונ זייערע געפיהלען (אויב זיי האָבען נאָר געפיהלען) זענען רוהיג; עס זענען אָבער פאַרהאַן ביי אונז פיעלע, וועלכע האָבען היינט ניט געגעסען אונ ווייסען ניט, אויב זיי וועלען מאָרגען האָבען צועסען; זייערע געפיהלען זענען צעמישט, אונ זייער רוהיגקייט איז אויף אייביג פערלוירען... צי איז פאַרהאַן ווער עס זאָל זאָרגען פאַר די אומגליקליכע? צי איז דאָ אַ שרייבער, וועלכער זאָל שטרעבען צו פערהיטען אונזערע יונגע מענשען פון אומגליק, וואָס קומט פון זייער פוסטקייט אונ צעטומלונג, אונ ווייזען זיי אַ ריכטיגען וועג?"

„ניט ברויט! ניט ברויט! ניט לופט אונ לעבען! בערוהיגט די געפיהלען פון אונזערע ברידער אונ שוועסטער. רעטעט אונזער יוגענד! בעווייזט אַ וועג, וועלכער זאָל אונז פיהרען צום גליק".

— „וואס שרייסטו? הער איך א שטימע, — צי דען ווייסטו ניט, אז עס איז ניטא קיין ליטעראטור און ניטא קיין פובליקום ביי יודען?"...

---

אין דעם זעלבען יאהר „השחר" געפינען מיר אלס ביילאגע*) א ליעד פון בעוואוסטען י. ל. פרץ, וועלכער קלאגט ניט, ווי דער גרעסטער טהייל דעמאלסדיגע יודישע פאעטען, בלויז אויף די יודישע שווערע דינים, נאר אויך אויף די אלגעמיינע צרות און גלויבט אין א בעסערע צוקונפט, דער פאעט זאגט: „מיר זאגט מען: עס איז פאלש יעדע פרייע אידעע, אייביג וועט מען הערן אויף דער ערד קלאג און געוויין, און אויף די מענשליכע פינסטערניש וועט קיינמאל ניט שיינען קיין ליכטיגקייט. מיר זאגט מען: — אייביג וועט עקזיסטירען די דריקונג פון יחוס און געלד, אזוי ווי אין די אלטע צייטען. שטענדיג וועלען זיין קנעכט און העררן. מיר זאגט מען: — אייביג וועט פערגאסען ווערען טייכען בלוט צוליעב א שטיקעל ערד, קנאה און שנאה וועלען אייביג הערשען. און אויף מיין פאלק זאגט מען: אזוי ווי מיר זענען פערשטויסען געווארען, אזוי וועלען מיר בלייבען ערניעדערט און קיינמאל ניט קאנען אויפהייבען דעם קאפ... מען זאגט מיר אזוי —, אבער איך האב קיין מורא; אויב א הארץ קלאפט נאך ביים מענשען אין ברוסט, אויב עס לעבט נאך דער גייסט אין מענשען, גלויב איך באמונה־שלמה, אז די פיאווקעס פון די אלטע צייטען וועלען אמאל געפינען זייער קבר. די נאכט וועט אוועקגעהן, און עס וועט אנקומען דער ליכטיגער טאג".

---

*) די זעלבע ביילאגע האבען מיר געפינען נאכהער אין 8־טען יאהר גאנג, ווי עס זעהט אויס, איז דארט דער ריכטיגער ארט דערפון.

# VI.

צום דריטען יאָהר האָט שוין סמאָלענסקין דעם „השחר״ קיין פאָררערע נישט פאָרגעשיקט. גלייך אין ערשטען העפט הויבט זיך אָן צו דרוקען דעם רעדאַקטאָרס בוך „עם־עולם״, אין וועלכען ער ערקלערט, דאָס ווי באַלד עס האָבען זיך ערוועקט פראַגען וועגען רעפאָרמען, הייסט עס, אַז דאָס לעבען פאָדערט זיי, אונ מען מוז זיך דעריבער מיט דער פראַגע אויפמערקזאַם פערנעהמען אונ זי אויספאָרשען. סמאָל. זאָגט, אַז ער אַליין געהערט ניט צו קיין פּאַרטיי. נאָך זיין מיינונג, קאָן אַ דענקענדער אונ אמתער מענש ניט צו־שטעהן אין גאַנצען צו אַ בעשטימטען פּראָגראַם פון אַ געוויסער פּאַרטיי, דען יעדע וועלטאַנשויאונג אונ יעדעס פּראָגראַם האָבען זייערע שוואַכע ערטער, ניט געהערענדיג אַלזא צו קיין פּאַרטיי, דענקט ער צו קאָנען ריכטיג אורטיילען וועגען די פראַגען פון יודישען לעבען.

איבערגעהענדיג צו דער פראַגע, אויב עס זענען איבערהויפּט נוצליך די אָפיציעלע רעליגיעזע רעפאָרמען, קומט ער צו דער איבערציינונג, אַז זיי זענען אוננוצליך. נאָך זיין מיינונג, איז דער עיקר נאָר, מען זאָל אויפווייזען די שלעכטע, פערשימעלטע אידעען אונ פיהרונגען פון דער פריהעריגער צייט, אום יעדער זאָל פערשטעהן די פעהלערן, אונ אַזוי וועט זיך עס אַליין ביסלעכווייז אויסבעסערן, פונקט אויף וויפיעל עס איז נויטיג. ער געפינט פאַר זעהר נוצליך די אידעען וועגען רעליגיעזער פרייהייט, וועלכע האָבען זיך אָנגעהויבען צו פערשפּרייטען פאַר לוטהערן, אָבער לוטהער אַליין מיט זיין רעפאָרמירען די קאַטוילישע קירכע האָט, לויט זיין מיינונג, נאָר געשאַדעט. ער האָט בעשאַפען אַן אַנדערע בעשטימטע פאָרמע אונ האָט דאַדורך אַרויסגעטריבען דעם גייסט, פון שטרייט פאַר פרייהייט. ער האָט טאַקי אַביסעל לייכטער אונ

פרייער געמאכט, דערפאר אבער האבען זיך די לוטהעראנער בערוהיגט אונ שטרייטען ניט מעהר פאר רעליגיעזע פרייהייט, דאן ווען די קאטוילישע נאציאנען שטרייטען נאך היינט אויך געגען זייערע גייסטליכע אונ בעפרייען אלץ מעהר דאס לעבען פון זייערע הענד, פיעל מעהר, ווי עס איז איינגעארדענט געווארען ביי די לוטהעראנער, לויט ווי עס פאדערט די יעצטיגע לעבעדיגע צייט.

„נישט איינצופיהרען אן אנדערע רעליגיעזע ארדנונג ברויך מען, — זאגט ער — נאר אויפן אלטען באדען אימער צו פערריכטען די פעהלערן; דאס גיעבט דעם פאלק די קראפט אונ מעגליכקייט צו לעבען אונ שטרעבען צו ווייטערדיגער פרייהייט, ד. ה. עס לעבט אונ שטרייט אימער, דאן ווען א אנדערע ארדנונג שטילט-איין דעם גייסט אונ בערוהיגט איהם".

„געוויס האט מען געמוזט שטרייטען געגען די יעזואיטען, — זאגט ווייטער סמאלענס. — ווייל זיי האבען גערריקט דאס פאלק, אבער דאס בעסטע מיטעל, דאס פאלק זאל ניט זיין גערריקט איז — בילדונג. ווען דאס פאלק וועט נאר זיין ענטוויקעלט, וועט זיך שוין קיינער ניט אונטערשטעלען אונ קיין מעגליכקייט ניט האבען עס צו דריקען. יעדער וועט מודה זיין, — זאגט ער ווייטער — אז פאלקס-שולען זענען שטארקע פעסטונגען, וואס שטעהען אויף דער וואכט פון פאלקספרייהייט. ווען אלע, וואס זאגען, אז זיי ווילען גליקליך מאכען דאס פאלק, וואלטען דאס געמיינט מיט א אמת, וואלטען זיי נישט געפאהרען אין די וועלט אריין אלס עמיגראנטען, צו זוכען גליקליכקייט; זיי וואלטען בעסער געזעסען ביי זיך אין לאנד, שטאדט אדער אין דארף אונ געלערנט מיט קינדער אונ מיט דערוואקסענע אונוויסענדע מענשען, אונ דאן וואלט שוין דער קינפטיגער דור געוואוסט, וואס הייסט רעכט; ער וואלט זיך שוין אליין זיינע רעכטע געפינען, דען ווער וועט זיך עס ערלויבען נישט צו ערפיהלען דעם ווילען פון אגאנצען פאלק?"

„נאר ווען עס איז ביי אנדערע פעלקער יא נויטיג געוועזען

צו פיהרען אַ אמתע מלחמה, אין ריכטיגען זינען פון וואָרט, געגען די יעזואיטען, וועלכע האָבען געהאַט אַ שרעקליכע מאַכט, — זאָגט ער ווייטער — איז עס געווים ניט נויטיג, אין דער פאָרם, ביי אונז יודען, וואו די רבנים האָבען גאָר אַ שוואַכע קראַפט. אַלזאָ, מיר ברויכען ניט אין אַ געוויסע בעשטימטע פאָרמע רעפאָרמירען אונזער דת, נאָר מבטל צו זיין דערווילע אייניגע געוויסע דינים, וועלכע שטערען שוין אין לעבען. אז עס איז נויטיג צו מבטל זיין אייניגע דינים, דאָס פערשטעהט יעדער, אזוי ווי מיר מוזען אַלע מאָל איבער-טוישען אונזערע קליידער לויט דעם קלימאַט, אונ אין עגיפטען קאָן אַ מענש ניט טראָגען דעם פעלץ, וועלכער האָט איהם געדיענט אין סיביריען, אזוי קאָן מען ניט לעבען אין אייראָפּא לויט די געזעצען פון אזיען, אונ אַזוי ווערען אויך איבערגעטוישט די געזעצען לויט דער צייט".

„פערלאַנגען פון די רבנים אַליין רעפאָרמען טאָרען מיר ניט. אויב די רבנים זענען אמת'ע מענשען, דאַרפען זיי זייערט פערהיטען. זייענדיג אָבגעזונדערט פון דער וועלט, ווייסען זיי נישט, אין וועלכע רעפאָרמען דאָס לעבען נויטיגט זיך. מיר מוזען עס אַלזאָ אַליין טהון. ביי יודען זענען נישט פאַרהאַן קיין בעלי-בתים איבער דער רעליגיע, יעדער, ווער עס קאָן לערנען, איז גלייך מיט'ן רב".

רעדענדיג ווייטער וועגען פּאַרטייען, ערקלערט ער, אז פערשיעדענע פּאַרטייען מיט פערשיעדענע אידעען אונ שטרע-בונגען זענען נישט נאָר נישט שעדליך פאַר דער עקזיסטענץ פון נאַציאָן, נאָר פערקעהרט, דאָס בעווייזט אויף די הויכע ענטוויקלונג פון פאָלקס-לעבען. נאָר אונגעוויסענדע, נישט-דענקענדע מענשען זענען אַלע גלייך, אַלע ווי איין שטיק, אַ איין-פאַרביגע מאַסע. מענשען אָבער ענטוויקעלטע האָבען געוועהנליך פערשיעדענע מיינונגען; די מעהר געלעהרטע אונ ענטוויקעלטערע פלייסען זיך יעדער בעזונדער צוציהען צו זיין אידעע וואָס מעהר אָנהענגער, אונ אויף אַזא אַרט בילדען זיך פּאַרטייען. אין דער זעלבער צייט איז אָבער אויך וויכטיג אָב-

צוהיטען די נאַציאָנאַלע אַחרות. בּיי יודען איז דאָס די נויטיגסטע זאַך". און ער ערקלערט דעם נוץ פֿון אַזא חברה, ווי „חברת כּל ישראל חברים" (אַלליאַנס איזראעליט), ווען אַלע יודען וואָלטען צו איהר צוגעשטאַנען, און זאָגט ווייטער, אַז יודען מוזען האָבּען איין חברה, וועלכע זאָל צוזאַמענבּינדען אַלע יודען פֿון פֿערשיעדענע לענדער, אום זיי זאָלען צוזאַמען זאָרגען פֿאַר דעם יודישען כּלל.

אין דעם זעלבּען „עם־עולם" קומט איהם אוים צו רעדען וועגען דעם גייסט פֿון דער בּיבּעל, און ער ערקלערט, ווי ווייט אונזער געזעצגעבּער האָט געוואָלט, דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל זיין גלייך, אַלע גלייך זאָלען הייסען גאָטס־קינדער. דער געזעצגעבּער, וועלכער האָט געוואָלט פֿערהיטען, עס זאָל זיך בּיי אונז ניט אויפֿהייבּען עפּעס אַ יחוסדיגע פֿאַמיליע און וועלען רעגירען איבּערן פֿאָלק, האָט עקסטרא געהייסען, די לְוִיִם זאָלען ניט האָבּען קיין אייגענטהום, אום זיי זאָלען ניט קאָנען בּעקומען קיין גרויסע מאַכט, און אַ קעניג האָט ער געהייסען אויסקלויבּען פֿון פֿאָלק זעלבּסט. „שׂוֹם תָּשִׂים עָלֶיךָ מֶלֶךְ" (זאָלסט אַליין אויסקלייבּען אַ קעניג) ציטירט סמאָלענסקין דעם פּסוק פֿון חומש. „דאָס גאַנצע יודישע אומגליק איז געקומען דערפֿון, — זאָגט ער — וואָס יודען האָבּען ניט געפֿאָלגט דעם געזעצגעבּער, וועלכער האָט געהייסען זוֹכֵן אַ קעניג. דען דָוִד און נאָכהער זיינע קינדער האָבּען עקסטרא געבּויט אַזא רייכען בּית־המקדש, אום צו בּעווייזען די רייכקייט פֿון גאָט, און נאָכהער זאָלען זיי קאָנען, אַלס די פֿאָרשטעהער פֿון גאָט, וועלכער האָט ליעב רייכקייט, אַליין אויך צו וואוינען אין רייכע פּאַלאַצען".

אום צוקומען צו ענדע־ציעל פֿון „עם־עולם", קומט איהם אוים צו רעדען וועגען די גרינדער פֿון תּלמוד. די תַּנָאִים און אַמוראים, און ער זאָגט: „יענע תנאים אדער אַמוראִים, וועלכע האָבּען אויסער יודישקייט אויך געוואוסט אַלגעמיינע וויסענשאַפֿטען (חָכמות חִצוניות), האָבּען מורא געהאַט, מען זאָל זיי ניט חושד זיין אין אַפּיקורסות, און האָבּען דעריבּער מעהר מַחמיר געווען, ווי די אַנדערע גרינדער פֿון תּלמוד.

און צו ליעב דער זעלבער אורזאך האָט אויך דער רמב"ם, וועלכער האָט אין אַראַביש אָנגעשריעבען א פֿריידינגען־מורה־נבוכים", אין העברעאיש אָנגעשריעבען א„יד החזקה" מיט אַסך פֿרישע דינים, אַזוי אויך דער רמ"א, וועלכען דער מהרש"ל האָט חושד געוועזען, אַז ער לערנט פֿילאָזאָפֿישע ביכער, האָט מאַקי דעריבער אָנגעשריעבען אַזוי פֿיעל איבעריגע דינים אין שלחן ערוך".

דערמאָנענדיג זיך אָן די פֿיעל טרפֿות, וואָס דער רמ"א האָט בעשאַפֿען, שרייבט סמאָלענסקין אוים: „גוואַלד! ווי אַזוי האָט מען עס געקאָנט צוליעב אַזעלכע נארישקייטען, ווי „וכך היו נוהגין" (אַזוי האָט מען זיך געפֿיהרט) — וואו? — פֿרעגט ער — אפֿשר אין דול־הויז? — אָנמאַכען אַזוי יעל פֿערשטערטע שבתים אין ימים טובים ביי יודען, וועלכע קאָנען ניט, צוליעב די פֿיעל טרפֿות, עסען שבת גענוג פֿליישׁ".

„זאָגאַר ביי מענדעלזאָהנען — זאָגט ער צו דער ענדע — זעהען מיר אויך, אַז ניט לויט זיינע פֿרייע געדאַנקען איז געוועזען זיין פֿיהרונג, און דאָס ווידער, וואָס מענדעלזאָהן האָט געפֿאָדערט אַלגעמיינעם הומאַניזם ביי יודען אין דער צייט, ווען די יודישע נאַציאָן איז די שוואַכסטע און אַלע נאַציאָנען האַלטען זיך פֿעסט ביי'ם נאַציאָנאַליזם, האָט געבראַכט אין דייטשלאַנד דערצו, דאָס פֿיעלע, וועלכע זייענדיג זאָגאַר ווייט פֿון יודישען נאַציאָנאַליזם, האָבען דאָך אין לעבען געהאַט שטערונגען פֿון זייער יודישקייט און ניט געקאָנט בעקומען אייגענע רעגיערונגס־שטעלען, האָבען דעריבער, ניט האָבענדיג קיין נאַציאָנאַלע געפֿיהלען, זיך אויסגעטויפֿט. די איבריגע געבליעבענע האָבען זיך דערווייטערט פֿון יודישען גייסט, אבי מען זאָל זיי ניט חושד זיין, אַז זיי זענען ניט קיין אמתע דייטשע פּאַטריאָטען".

## VII.

דאָס פערטע יאָהר „השחר" הויבט זיך אָן אויך אָהן אַ פאָררעדע, נאָר גלייך מיט זיין אייגענעם אַרטיקעל „עת לעשות", אין וועלכען ער פיהרט ווייטער דורך זיין בעליעבטע אידעע, אַז יודען זענען ניט קיין רעליגיעזע סעקטע, נאָר אַ פאָלק, אַ נאַציאָן, און די הויפט־זאַך ביי זיי ברויך אַלזאָ צו זיין ניט די רעליגיע, נאָר די נאַציאָנאַליטעט.

אין דעם זעלבען יאָהר „השחר" האָט זיך געדרוקט זיין ערצעהלונג „קבורת חמור", אין וועלכען ער שילדערט, ווי געוועהנליך, די ישיבה־בחורים, בטלנים און די קהלס־לייט, גאָטס סטריאַפּטשים, וועלכע האָבען פערשריעבען איינעם אַ פריידענקער, נאַטירליך אַ אָרעמאַן, אין קהלשען פינקס, דאָס מען זאָל איהם נאָכ׳ן טויט בעגראָבען „קבורת חמור", ד. ה. הינטערן פּלויט פון בית־עולם און אָהן אַ לויה מיט צערעמאָניעס. מיר וועלען דאָ אין דער ביאָגראַפיע ניט רעדען וועגען זיינע ספּורים. מיר ווילען דאָ אָבער אַנמערקען צו די היינטיגע קורצזיכטיגע שרייבער, וועלכע, געפינענדיג זיך צווישען זייער ביסעל בעקאַנטע, וואָס שטעהען אַביסעלע העכער פון סמאָלענסקינ׳ס טיפּען און מיינען דעריבער, אַז אַלע יודען זענען שוין אַזוי ווייט ענטוויקעלט, און מאַפּו׳ס מיט סמאָלענסקינ׳ס טיפּען זענען שוין אָבגעשטאָרבענע, — אָט פאַר די אין זייער קליינעם קרייז איינגעשלאָסענע שרייבער ווילען מיר דאָ דערצעהלען, אַז אַזאַ פאַקט פון „קבורת־חמור" איז געשעהן, מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק, ניט אין דער ווילדער גאַליציע, אין פערגרעבטען וואָלין אָדער ביי די פערפינסטערטע פוילישע יודען, נאָר טאַקי אין ליטא, אין דער שטאָדט קאַרטוז־בעריאַזאַ (גראָדנער גוב.), — אַ שטאָט, וואָס, ווען מען וואָלט מעסטען איהר קולטור־שטאַנד נאָך דער צאָהל ציישונגען, וואָס ווערען דאָרט ערהאַלטען, אָדער נאָך דער צאָהל פון שקל־צאָהלער, וואָלט זי פערנומען אַ שענעם אָרט

צווישען די קולטורעלע יודישע שטעטלעך. אונ אזעלבע יילדע ישיבה־בחורים אונ גאַנץ סטריאַפּטשעס געפינען זיך נאָך היינט אויך זעהר פיעל אין אלע יודישע שטעט אונ שטעטלך. מען איז אלזאָ מחויב היינט אויך, אויב מען האָט נאָך אין זיך אַ פונק ליעבע צו יודען, צו קריטיקירען אָט די טיפּען.

צווישען די פיעל אנדערע וויכטיגע אַרטיקלען פון אַנדערע שרייבער, וואָס האָבען זיך געדרוקט אין דעם פיערטען יאָהר „השחר", געפינען מיר פאַר נויטיג צו דערמאָנען ליליענבלומס קריטיק אויף מאַפּוס „עיט צבוע", פון וועלכער עס וועהען די פרישע געזונדטע אידעען פון די 60-ער יאָהרען אין דער רוסישער ליטעראַטור. ליליענבלום לערנט די יודישע לעזער אונ שרייבער אָפּצוּוואַרפען די פאַנטאַזיען אונ צוקוקען אויפ'ן לעבען מיט אָפענע אויגען. „נאָר אזעלכעס — זאָגט ער — ברויך מען צו שרייבען, וועלכעס ברענגט אַ נוץ דעם לעזער".



# VIII.

דאָס פינפטע יאָהר „השחר" הויבט סמאָלענסקין אָן מיט א פאָררעדע, אין וועלכער ער ערקלערט די גרויסע אונ שטאַרקע גייסטיגע ווירקונג פון „השחר" אויף די פערשיעדענע יודישע פאַרטייען.

עס פערשטעהט זיך, אַז סמאָל. האָט זיך דערין אַביסעל אָבגענאַרט. איין מענש. ווי גרוים אונ ענערגיש ער זאָל ניט זיין, קאָן ניט אויף אַזוי פיעל אויפטהון, דאָס מען זאָל באַלד קאָנען זעהן די ווירקונג פון זיין ארבייט.

פיעל, זעהר פיעל האָט געווירקט אויף יודען די פרישע אטמאָספערע פון די נייע דאַן ליבעראלע ועהונגען אין אַלגעמיין. דאָך קאָנען מיר פון „השחר" ניט אַוועק־נעהמען זיין שטאַרקע ווירקונג, אונ ווער וויים, אויב ווען עס וואָלט זיך טאַקי ניט געפינען אַזא סמאָלענסקין, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק די פרישע אטמאָספערע אריינגעבלאָזען צו יודען, צי וואָלט נאָך יעצט אויך נישט געווען ביי אונז די אַטמאָספערע אַזוי שטיקענד ווי פריהער. ער האָט טאַקי צופיעל געגלויבט אין זיין קראַפט צו ווירקען אויף די פערענדערונג פון יודישען לעבען, אָבער נאָר די מענשען, וועלכע גלויבען אונ שמועסען זיך איין, דאָס זיי האָבען אין זיך אַ שטאַרקע קראַפט צו ווירקען, נאָר די ווירקען טאַקי פיעל-וועניג, אָבער די קאַלטע חכמים, וועלכע וויסען שוין, אַז אַלעס מאַכט נאָר דאָס לעבען, די צייט, די היסטאָריע — אָט די קאַלטע חכמים העלפען גאָר ניט מיט דער צייט, זי זאָל וירקען אויפ'ן מענשען. די „צ י י ט", וועלכע איז, אייגענטליך, וישט מעהר, אלס די פרוכט פון ארבייט פון לעבעדיגע מענשען, ז וועלכער עס האָט לאַנגזאַם, ביסלעכווייז, יעדער בעזונדער אין זיין דור צוגעגעבען עפּעס אַ קלייניגקייט, דוכט זיך גאָר מיט'ן אויג ישט צו בעמערקען, ביז דאָס אַלעס האָט זיך אויסגעגאָסע אין אַ פאָרם פון א „היינטיגער צייט" אונ האָט אָנגעהויבען, ווןן לומרשט א זעלבסשטענדיגע קראַפט, צו בעוועגען די יעצטיגע־ ענשען. יעצט נויטיגען מיר זיך ווייעדער אין אַרבייטער, וואָס

זאָלען פֿאַרבעריימען די שפּעטערע, די קינפֿטיגע „היינטיגע צייט" אונ זאָלען אונז דערוויל אַליין ניט לאָזען שטעהן אויף איין אָרט אָדער גאָר שפּאַנען אריגטער, צוריק.

צו יענער צייט האָט די „אַליאַנס איזראַעליט" איהם געשיקט נאָך רומעניען, אום אויסצופֿאָרשען די לאַגע פֿון די דאָרטיגע יודען, וועלכע ווערען שטאַרק גערריקט פֿון דער רעגיערונג, אונ אויסצוזוכען עפּעס מיטלען, ווי זייער לאַגע צו פֿערבעסערן. די רייזע האָט ביי איהם פֿערנומען דריי מאָנאַטען צייט. איינער פֿון זיינע קריטיקער זאָגט דערויף איראָניש, אז ניט די „אַליאַנס" האָט איהם געשיקט אַהין, נאָר ער אַליין האָט זי געבעטען, זי זאָל איהם געבען אויף דער רייזע, אָדער ריכטיגער, שמייכעלט ווידער דער קריטיקער, ער האָט די פּערזאָנען, פֿון וועלכע די חברה בעשטעהט, געבעטען, זיי זאָלען איהם שטיצען דערין. נאָך אונזער מיינונג, אויב עס וואָלט טאַקי אַזוי געוועזען, פֿערדיענט סמאָלענסקין דערפֿאַר פֿיעל מעהר עהרע: ניט דאָס איז א יחוס, וואָס די אַליאַנס האָט איהם אויסערוועהלט, דער יחוס איז, וואָס ער אַליין האָט געזאָרגט פֿאַר די רומענישע יודען, האָט געוואָלט אַליין זיך דערוויסען, מיט וואָס מען קאָן קומען זיי צו הילף, אונ ניט שפּאָרענדיג קיין מיה אונ צייט, האָט ער נאָך געאַרבייט אום צו קריגען אויף דער הוצאה. דער גרעסטער כבוד פֿאַר א מענשען איז, ווען ער האָט ניט קיין כבוד פֿאַר זיין אַרבייט. ווען קיינער איז איהם נישט דאַנקבאַר אונ פֿערשטעהט ניט זיין וויכטיגקייט, אונ דאָך זוכט ער אַליין צו אַרבייטען לטובת הכלל.

די רייזע זיינע איז בעשריעבען אין „השחר" פֿון דעם יאָהרגאַנג. די הויפּט-מיטלען, וועלכע זענען אַבהענגינג פֿון יודען, זענען — נאָך זיין מיינונג — שולען. אַלע יודישע קינדער מוזען ווענינסטענס אָנשטאָט די פֿינסטערע חדרים, בעזוכען איינגעאָרדנעטע עלעמענטאַר-שולען. קיין נייעס טהוט ער ניט אויף. די אַלע אידעען זיינע וועגען שולען זענען שוין געוועזען בעוואוסט, אונ ער אַליין האָט זיי שוין ניט איינמאָל אַרויסגעזאָגט.

---

# IX.

אין 6-טען יאהר „השחר" האט זיך געדרוקט זיין ס. „עת-לָמַעַת", וועלכער איז א פארטזעצונג פון „עם-עולם". א „עת-למעת" ערקלערט ער נאך אמאל דאס זעלבע, נאר אין א ברייטערער פארם: אז רעליגיע מיט וויסענשאפט זענען צוויי בעזונדערע זאכען, אלזא מוז זיך ביי יודען געפינען א געוויסער טהייל מענשען, וועלכער זאל זיך ניט קאנען צופריעדענשטעלען מיט די געשריעבענע יודישע געזעצען. ווען מען האלט יודען ניט בלויז פאר א רעליגיעזע סעקטע, נאר פאר א נאציאן, קאן מען בלייבען געטריי דער יודישער נאציאן, ניט היטענדיג די רעליגיעזע געזעצען, רעכענט אבער ווער, אז יודען זענען גישט מעהר אלס א רעליגיעזע סעקטע, מוז ער זיך האלטען ביי די געזעצען, זאגאר ווען ער האלט זיי פאר נאריש, אויב נישט — איז ער שוין אויס יוד. אזוי ווי מענדעלזאהן, דער פארשטעהער פון דער „בערלינער השכלה", האט געזאגט, אז יודען זענען ניט קיין פאלק, האט ער דערמיט זעהר פיעל שאדען געבראכט, אונ עס איז דעריבער נויטיג אויסצווארצלען ביי די משכילים אט די שעדליכע אידעע אונ ארויסווארפען אין זייערע אויגען דעם רבין פון דער יודישער השכלה.

סמאלענסקין קארגט ניט קיין שטארקע אויסדריקען אונ שימפווערטער אויף מענדעלזאהנען, אום איהם קליין צו מאכען. סמאל. פערשטעהט אויך, ווי ער רעדט זיך אליין אויס, אז די השכלה וואלט אריין צו יודען אין דייטשלאנד אויך אהן מענדעלזאהנען, אונ די אידעע צו האלטען זיך בלויז פאר א רעליגיעזע סעקטע האט זיך אזוי שטארק פערשפרייט ביי די יודישע משכילים ניט בלויז צודאנקען מענדעלזאהנען, נאר פיעל מעהר דורך דעם פערהאלטען זיך פון די דייטשען צו יודען. דאך פאלט ער שטארק אן אויף מענד. דערפאר, דען, ווי מיר ווייסען שוין, האט סמאלענסקין שטארק געגלויבט אין די ווירקונג פון א פערזאן אויף די היסטאריע.

נאַטירליך, מענדעלזאָהן, וועלכער איז ניט געוועזען קיין געמיינשאַפטליכער ארבייטער, נאָר אַ דענקער, אַ פילאָזאָף, האָט ניט געקאָנט האָבען אזא אײַנפלוס אויף דאָס יודישע לעבען, דאָס מיר זאָלען קאָנען איהם רעכענען פאַר׳ן בעשעפער פון דער נייער ליכטיגער צייט בײַ יודען. די אומענדערונגען זענען מעהר געקומען פון דרויסען. די פרייע אידעען פון די איירעפּעאישע דענקער, די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, דאָס פרישע, פרייע לעבען אין אַלגעמיין, — האָבען אין אַ געוויסער מאָס געווירקט אויך אויף דאָס אויסער׳יכע לעבען פון יודען, וועלכע האָבען געוואהנט צווישען די נאַציאָנען. אָבער דאָך מוזען די אַרומיגע צייט־ווערהונגען האָבען עמיצען, ווער עס זאָל זיי צעשפּרייטען גלייך בײַ אַלעמען, אונ אין דעם זינען איז טאַקי מענדעלזאָהן געווען אין יענער צייט דער ערשטער, וואָס האָט יודען צווישען געגעבען פון די פרייע אונ הומאַנישע איירעפּעאישע אידעען אונ האָט בעשאַפען תּלמידים מיט פרישע יונגע כּחות, וועלכע האָבען נאָכהער אַלץ מעהר אונ מעהר אויפגעעפענט די פענסטער בײַ יודען, אום עס זאָל אַרײַנבלאָזען צו זיי דער ווינד פון די פרייע אידעען.

אחד־העם דריקט זיך אויס וועגען דעם אַזוי: „מענדעלזאָהן איז געשטאַנען בײַ אַ געביידע, וועלכע איז גראַדע דאַן אומגעפאַלען, אונ מען מיינט דעריבער, אַז ער האָט זי אומגעוואָרפען". ד. ה. די אַלטע יודישע אָרדנונג איז אומגעפאַלען צוליעב דעם נייעם לעבען, נאָר מענדעלזאָהן האָט גראַדע אויך דאַן געראַטהען יודען אײַנצופיהרען אַ נייעס לעבען. מיר ערלויבען זיך אַזוי צו זאָגען: מענדעלזאָהן איז געשטאַנען בײַ אַן אַלטער געביידע, וועלכע האָט געהאַלטען בײַ׳ם אומפאַלען, האָט ער זי מיט זיינע שוואַכע כּחות אַ שטופּ געטהון אונ אומגעוואָרפען. ווען ניט ער, וואָלט די אַלטע געביידע נאָך אַביסעל אָוועקגעשטאַנען, אונ ווער ווייס, אויב עס וואָלטען ניט געקומען ליעבהאָבער פון אַלטוואַרג אונ וואָלטען אָט די שוואַכע געביידע נישט אונטערגעשפּאַרט שטאַרק, זי זאָל שטעהן אונ שטעהן.

מיר ברויכען נאָר אזוי צו קלערען און ניט מיט קאַלטע פילאָזאָפיע קליין צו מאַכען די ארבייט פון גרויסע מענשען און דערמיט אָבצושוואַכען די לוסט צו ארבייטען, דורך שטענדיגער מורא, טאָמער איז יעצט ניט די ריכטיגע צייט.

אַט די קאַלטע פילאָזאָפיע געוואָהנט־איין צו פערלאָזען זיך אויף נסים פון דער טויטער צייט.



X.

אין זיין פאָררעדע צום 7־טען יאָהר „השחר" דערצעהלט סמאָלענסקין דעם לעזער, אז ער האָט חתונה געהאַט*) און גערעכענט זיך א ביסעל אָבצורוהען פון דער ארבייט. ער האָט אָבער איינגעזעהן, אז ער טאָר ניט רוהען, און וועט ווייטער מיט דער זעלבער ענערגיע ארבייטען אין „השחר". דאָך האָט ער אין דעם יאָהרגאַנג זעהר וועניג פובליציסטיק געשריעבען. דער „השחר" פון דעם יאָהר איז פערפולט מעהרסטענטהייל מיט גרויסע ספורים, ווי „גמול ישרים" דעם רעדאקטאָרס, אויך מיט „פיזיאָלאָגיע" פון ד"ר פאַריעס און „אבני־מלואים" פון ד"ר רובין. אין דעם יאָהרגאַנג געפינען מיר פיעל פרעמדע שרייבער, וועלכע דער „השחר" האָט טאַקי אליין ארויסגערופען ביי יודען. עס האָבען שוין אויך אַנדערע ניט מורא געהאַט צו זאָגען א אמת'דיג וואָרט און האָבען געהאַט א אָרט, וואו אַזעלכע ווערטער ארויסצוזאָגען. מיר געפינען שוין דאָרט קאָרעספּאָנדענציעס, ווי די ידיעות וועגען די יודישע קאָלאָניעס פון דרום־רוסלאַנד און די גרויסע קאָרעספּאָנדענציע דינעואָהנס פון מאָהילעוו

---

*) ער האָט געהייראַטהעט פון וואַרשוי, זיין פרוי איז פון דער פאַמיליע טעפּקין.

וועגען דער מחלוקת מיט די רבנים. עס איז געוואָ־ען צו בעמערקען, אז דער „השחר" לעבט, ווערט פיעל געלעזען און הויבט אָן זיך צו פערנעהמען מיט צייט־אונ־אָרט־פראגען.

אין 8־טען העפט פון דעם יאָהרגאנג פערענטווערט זיך סמאָל. פאַר די לעזער, פאַר וואָס די מאָנאטליבע העפטען פון „השחר" קומען־אָן צו די לעזער ערשט אין 2—3 מאָנאטען אַרום. ער רעכענט־אויס איינינע אורזאַכען דערפון און ענדיגט. אַז פיעל מאָל בעגעגענט דער „השחר" שטערונגען פון אַזעלכע לייט, וואָס שרעקען זיך פאַר חקירה פיעל מעהר, אַלס פאַר נאַרישקייטען...

אין דעם יאָהרגאַנג „השחר" געפינען מיר אַ שיר פון יהלל'ן „כשרון־המעשה", אין וועלכען עס קלינגען שוין אָב טענער פון דער סאָציאַלער בעוועגונג.

ענדע יאָהר, אין שלום, פרעהט זיך סמאָ־ענסקין אַליין דערמיט, וואָס אנדערע שרייבער האָבען פערפילט אַ גאַנצען יאָהרגאַנג פון „השחר": ער איז, היימט עס, גישט איינער ביי יודען, אונ עס איז פאַרהאַן, ווער עס זאָל עפּעס טהון.



## XI.

אין 8־טען יאָהר „השחר" איז געדרוקט געוואָרען אָפּאָרט־זעצונג פון „עת־לטעת", וואָס חורט־איבער נאָך אַמאָל דעם געדאַנק, ווי וויכטיג דאָס איז, וואָס ביי יודען זענען נישטאָ קיין בעזונדערע בעלי־בתים איבער דער רעליגיע, אַלע האָבען גלייך רעכט זי צו לערנען אונ וויסען. אונ ער ערקלערט דאָ, אַז די קבלה וועלכע בעשטעהט פון סוד. ד. ה. אַז די תורה איז פול מיט סודות, ניט יעדער געוועהנליכער מענש קאָן זי פערשטעהן, נאָר די קאַבאַליסטען וויסען דאָס, אונ זיי ווילען דעריבער ביי אונז שפּיעלען אַזאַ ראָלע, ווי ביי די

קאַטוילען די גלחים, — אַט די דאָזיגע קבלה איז ג ע ג ע ן דער יודישער אמונה, פונקט ווי עבודה־זרה, אונ די פינסטערע קבלה מיט'ן פינסטערן זוהר האָבען אומגליקליך געמאַכט אונז יודען. רעדענדיג וועגען דער שעדליכקייט פון קַבָּלָה מיט איהרע מופתים אונ איהרע פאַרשטעהער, די צדיקים, ווערט ער אַזוי צעהיצט, אַז ער דריקט זיך אוים מיט אַזעלכע שטאַרקע ווערטער, ווי: „הָאֲרִי הַמֵּת וְתַלְמִידוֹ הַכֶּלֶב הַחַי וִויטַאל וְיֶתֶר גּוּרָיו פְּרִיצֵי הַחַיּוֹת”. די אויסדריקען זענען טאַקי צו שטאַרק, מען האָט אָבער געמוזט איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכען די זאַך וואָכעדיג, אום עס זאָל מעגליך זיין זי אויסצורייסען מיט'ן וואָרצעל. אַם ענדע דערמאָנט זיך סמאָל. וויעדער אַן זיין קראַנקען אָרט, אָן מענדעלזאָהנען מיט זיין טעאָריע, אַז יודען זענען אַ רעליגיעזע סעקטע, אונ שפּאָרט איהם אויך ניט קיין שטאַרקע קריטישע אויסדריקען, אָבער קיין נייעס זאָגט ער ניט. ער האָט שוין דאָס זעלבע פּיעליַיכט אין אַ אַנדער פאָרם, ניט איינמאָל געזאָגט.

אין ענדע פון דעם יאָהרגאַנג „השחר” קלאָגט זיך סמאָל, אַז צו די רוסישע אַבאָנעטען לעגט ער צו געלד צוליעב די אַגענטען, וועלכע נעהמען־צו דעם קֶרֶן מיט'ן פערדיענסט; נאָר אַזוי ווי ער מיינט ניט מיט'ן „השחר” צו מאַכען געשעפט, ווי יענע שרייבער, וואָס אַרבייטען נאָכ'ן געשמאַק פון לעזער, ער וויל נאָר ארויסזאָגען זיינע אייגענע געדאַנקען, אום צו ווירקען אויפ'ן לעזער, ניט דעם לעזערס רצון זאָל ווירקען אויף איהם — וועט ער אַלזאָ ווייטער שאָדען האָבען פון די רוסישע אַבאָנענטען אונ דאָך וועט ער זיי שיקען דעם „השחר”, ווי פריהער.

## XII.

אין 9-טען יאהר „השחר" הויבט זיך אן באלד אין אנפאנג צו דרוקען א ארטיקעל, וועלכער ציהט זיך אין עטליכע העפטען, מיט'ן טיטעל: „דור הולך ודור בא" פון מרדכי בן הלל הכהן. איבערהויפט דרעהט זיך דער ארטיקעל ארום די דעמאלטדיגע ברענענדע פראגען וועגען רעפארמען ביי יודען: צי מוזען די רעפארמען געפיהרט ווערען דורך די רבנים אדער דורכן פאלק זעלבסט, צי זאל מען רעפארמירען פריהער די רבנים, אום זיי זאלען נאכהער רעפארמירען די רעליגיע. דער שרייבער פון ארטיקעל גלויבט שטארק אין דעם נוץ פון שולען פאר רבנים. דער ארטיקעל איז שוין א אפאזיציע געגען רעפארמען און שמעקט שוין אביסעל מיט רעאקציע.

א נייעם געזונדען געדאנק געפינען מיר דארט, אז מען איז מחויב צו געבען יודען רעכטע, ניט קוקענדיג דערויף אויב זיי זענען שוין ענטוויקעלט אדער ניט. „די פרייהייט און מענשענרעכטע — זאגט ער זעהר ריכטיג — ווערט נישט געגעבען דעם מענשען פאר „גוטע אויפפיהרונג", נאר וויל ער איז א מ ע נ ש, א זוהן פון דער נאטור".

זעהר אפטימיסטיש קוקט דער שרייבער פון ארטיקעל אויף די ווירקונג פון לעבען אליין. ווי א אמתער חסיד גלויבט ער, אז דאס אונבעוואוסטזיניגע לעבען אליין קאן אויפטהון מופתים, און זאגט אז עס: וועט נאר אויפבליהען אונזער מאטעריעלער שטאנד (ער מיינט דערמיט די גלייכע רעכטע), וועלען שוין פון זיך זעלבסט פערשוואונדען ווערן די וואלקענס, וואס פערפינסטערן אונזער אייגען אינערליך לעבען. דאס לעבען אליין וועט שוין רעפארמירען די דינים".
זעהר ריכטיג בעמערקט דערויף סמאלי, אז די גאליציאנער יודען האבען שוין גלייכע רעכטע און זענען דאך אין זייער איינען לעבען, צודאנקען אייגענער שולד, אזוי פערווילדעט, פערפינסטערט, אונזיטליך און פעראָרעמט,

מיר בענוצען זיך דאָ מיט דער געלעגענהייט צו בעמערקען, אז מען ברויך קיינמאָל ניט מישען די פראַגע וועגען דער פערהעלטניס פון אַנדערע צו אונז מיט דער פראַגע וועגען אונזערע אייגענע נוצליכע רעפאָרמען, זאָגאר ווען זיי האָבען ביידע א שטיקעל פערבינדונג, אונ מיר טאָרען ניט וואַרטען ביז די אויסערליכע ווירקונג וועט אונז צוהעלפען. געפינען מיר פאַר נויטיג אָדער נוצליך עפּעס וואָס איינצופיהרען ביי זיך, האָבען מיר נישט וואָס צו קוקען דערויף, וואָס אונזערע שונאים אָדער גוטע־פריינד וועלען זאָגען, צי וועלען מיר דערפאַר נושא־חן זיין ביי דער וועלט אָדער חלילה נישט.

ניט זיין פ ע ר ג א ר י ש ט, נישט האָבען אויף זיך אומזיסטע איבעריגע פליכטען פון אומנוציגע דינים — איז שטענדיג, צו יעדער צייט אונ ביי יעדער אָרט לעבען, נויטיג, אונ מען טאָר עס ניט אָפּלעגען אויף שפּעטער, ווען די בעדינגונגען וועלען זיין דערצו בעסערע אונ עס וועט לייכטער זיין דערין צו אַרבייטען. ניין! מיר מוזען שווער אַרבייטען דערין אונ נישט וואַרטען. ב י ל ד ו נ ג א ו נ ו ו י ס ע נ ש א פ ט זענען אַזעלכע גוטע, נוצליכע אונ בעקוועמע וואפען אין לעבען, דאָס מיר מוזען זיי שטענדיג, צו יעדער צייט, וואָס מעהר ערווערבען, ניט קלערענדיג וועגען דער פערהעלטניס פון אַנדערע צו אונז צוליעב דעם. ווען מען וועט אונז זאָגאר פיינד האָבען אונ דריקען דערפאַר, ברויכען מיר דאָך, צוליעב אונזער אייגענעם נוץ, זיך פלייסען מיט אַלע מעגליכקייט צו פערשפּרייטען צווישען יודען בילדונג אונ לערנען דאָס פאלק אַלעס צו בעטראַכטען מיט אָפענע אויגען. זאָלען מיר נאָר זיין אמתדיג ענטוויקעלט אונ אָבהיטען די נאַציאָנאַלע אחדות (זעלבסטפערשטענדליך ניט אין מיינונגען אונ פיהרונגען), וועט מען אונז שוין ממילא געבען אלע רעכטע, ווייל זייענדיג ענטוויקעלט, וועלען מיר פאָדערן רעכטע אונ זעהן אויסנוצען יעדען צופאַל.

אין דעם זעלבען יאָהרגאַנג „השחר" האָט זיך געדרוקט דער דריטער טהייל פון „עת לטעת", אין וועלכען סמאָל. ניט א היסטאָרישען איבערבליק איבער דער וואַקסונג אונ פער־

שפּרייטונג פון השכלה ביי יודען אין פערשיעדענע לענדער.

דאָס הויפּטציעל פון דיעזען איבערבליק איז — צו בעווייזען, אין וועלכע ערטער עס איז קענטיג דער איינפלוס פון מענדעלז. שיטה, אונ וועלכע זענען פון אזא איינפלוס פריי. אָט פון דעם קראַנקען אָרט זיינעם קאָן ער ניט אָבטרעטען, דאָס איז איהם נאָכגעגאַנגען, ווי אַ שאָטען, אומעטום. אונ טאַקי פיעל מאָל פערשטעלט פון איהם די שיין אונ דעם ליכטיגען אמת. זיין כאראַקטער האָט קיין פאַלשקייט נישט געליטען, דעריבער איז ער געווען אין אָפּאָזיציע געגען דער אָרט השכלה, וואָס פיהרט צו דער טויטער אונ פאַלשער אַסימילאַציע. אָט די שטענדיגע פּאָלעמיק זיינע מיט דער פּאָפּוגאַאישער אַסימילאַציע האָט איהם אָבער פיעל מאָל געבראַכט, אין דער היץ פון פּאָלעמיק, צו דער צווייטער איינזייטיגקייט, צו קאָנסערוואַטיזם אונ שאָוויניזם. ערקלערענדיג אָס ענדע די שלעכטע גייסטיגע לאַגע פון יודען אין רוסלאַנד אונ אין גאַליציען, קומט ער צום בעשלוס, אַז די גאַנצע הילף בעשטעהט נאָר אין דער גרינדונג פון ראַבינערשולען איבעראַל.

סמאָלענסקין האָט מעהר געקאָנט שטערען, אַלס בויען, געפינען פעהלערן, קריטיקירען, אַלס אָנצווייזען אַ ריכטיגען וועג.

אין דעם יאָהרגאַנג בעמערקען מיר אין „השחר" דעם גייסט צום שטרייט מיט די אַלטע פאָרמען פון יודישען לעבען פיעל מעהר ביי אַנדערע שרייבער, אַלס ביים רעדאַקטאָר.

---

## XIII.

אין צעהנטען יאָהר־גאַנג „השחר" בעמערקען מיר אויך דעם גייסט פון דעם פריהעריגען „השחר", אַלס שטרייטער מיט די אַלטע לעבענספאָרמען, בלויז ביי די איבעריגע שרייבער. אויף סמאָלענס. אַליין האָט געמאַכט זעהר אַ שלעכטען איינדרוק

דער אנטיסעמיטיזם, וועלכער האט זיך דאן פערשפרייט אין דער גייסטער פארם צוערשט אין דייטשלאנד און אויף וועלכען סמאלענ. האט געקוקט זעהר פעסימיסטיש. דאס האט ביי איהם פערשטארקט דעם נאציאנאליזם אויף אזוי פיעל, דאס ער האט זיך יעצט אינ־גאנצען איבערגעגעבען צום שטרייט מיט די, וועלכע זענען, נאך זיין מיינונג, ניט נאציאנאל, און איז דאדורך אזוי איינזייטיג פערקראכען ביז צו שאוויניזם און קאנסערוואטיזם. אלע געוועהנליכע פעהלערן פון יודען אלס איינצעלנע אדער כלל־מענשען, פעהלערן, וועלכע מיר בעגעגנען ביי אלע מענשען און אלע נאציאנען, פערשרייבט ער אויף די רעכנונג פון דער בערלינער השכלה. די אלטע צייט שאצט ער — ניט לויט דעם, ווי די דעמאלטדיגע איינצעלנע מענשען, קהלס לייט און רבנים האבען זיך אין דער טהאט געפיהרט: מיט מחלוקת פאר יעדע נארישקייט, דער רייכער יוד אונטערדריקט דעם ארעממאן, אלע, ווי אויך די רבנים, האבען אין זינען געהאט בלויז אייגענע אינטערעסען און האבען ווייניג געזארגט פארן כלל יודען, — ווי עס בעשרייבען אונז די אלע פאקטען, מיט א קורצען פעריאד פאר מענדעלזאהנען, יעקב עמדין און אויך פיעל פריהעריגע.

סמאלענסקין שאצט די צייט ביז מענדעלזאהנען לויט דער טעאריע פון מאראל אין די דעמאלטדיגע געשריבענע יודישע מוסר־ספרים, אזוי ווי אלע אנדערע געגנער פון היינטיגען פראגרעס, וועלכע ווילען מען זאל צוריק לעבען אויפן אלטען שטייגער, געפינען אלע מדות־טובות אין דער אלטער צייט, אין די אלטע ביכער פון מאראל, און זעהען ניט, ווי שלעכט, פערדארבען און אונזיטליך דאס לעבען פון דער אלטער צייט איז געווען אין דער טהאט.



# XIV.

צו יענער צייט, ד. ה. אין 1881־טען יאָהר, האָבען זיך אָנגעהויבען די פּאָגראָמען, און אין פיערציג פערשיעדענע שטעט זענען יודען צעראַבירט געוואָרען. צעהנדליגער טויזענדער יודישע פאַמיליען זענען געוואָרען פעראָרעמט און גייסטיג דער־שלאָגען. יודען האָבען זיך דערפיהלט אָבגעזונדערט, שוואַך און פרעמד. אַ גרויסע צאָהל האָט זיך אַלאָז געטהון זוכען אַ זיכערן אָרט. ביי די פאַרטען האָבען זיך אָנגעקליעבען טויזענדער הילפלאָזע יודען. דאָס האָט, נאַטירליך, געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די יודישע אינטעליגענץ. מען האָט אָנגעהויבען צו זוכען מיטלען, ווי צו געפינען אַ זיכערן היימישען אָרט אויף שטענדיג. פערשטעהט זיך, אַז דאַן האָט געמוזט ארויפקומען דער געדאַנק וועגען ארץ־ישראל, אַלס אונזער אַלטע אייגענע היים. דער געדאַנק האָט געפונען אַן אָרט איבערהויפּט ביי דער יונגער, פרייזיניגער, געבילדעטער קלאַסע, דען נאָר ביי ענטוויקעלטע דענקענדע מענשען איז שטאַרק ענטוויקעלט די פיהלענדע נערווען. אויף זיי האָט עס געמאַכט אַ געוואַלטיגען רושם דער פאַקט, עס האָט זיי שטאַרק אויפ־געהיצט, אויפגערעגט און געגעבען זיי שטאָף די דענקענדע נערווען צו קלערען וועגען מיטלען — ווערענד דאָס גאַנצע יודישע פאָלק, סיי די חסידים מיט זייערע רביים, סיי די מתנגדים מיט זייערע רבנים, סיי דער המון — זענען זעהר וועניג אויפ־געטרעגט געוואָרען דאדורך. יענע, וואָס האָבען דאָ ניט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצולעבען, זענען פון אימפּעט געלאָפען זוכען פאַר זיך ברויט. די אָבער, וואָס האָבען נאָך געהאַט דערווייל צו לעבען, זענען ווייטער געזעסען רוהיג אויפ'ן אָרט.

סמאָלענסקין, וועלכער האָט נאָך פריהער לאַנג בעדויערט, וואָס יודען זענען געצוואונגען אימער צו לעבען ניט אין אַ אַ פיציעל אייגענעם יודישען לאַנד און זיך אימער צו פיהלען פיעל־וועניג אלס פרעמדע, האָט דאַן, דורך דער

גרויסער אויפרעגונג, אין וועלכע די געשיכטע האט איהם געבראכט, אינ-גאנצען איבערגעגעבען זיך מיט זיין הייסער נאטור צום געדאנק פון „ישוב-ארץ-ישראל". ער האט פער-לאנגט, אז די עמיגראנטען, וועלכע די יודישע אויסלענדישע פעראיינען מיט דער „אליאנס" אם שפיצע האבען טראנספארטירט נאך אמעריקא, זאל מען נאר שיקען נאך פאלעסטינא, אום עס זאל זיך מיט איינמאל דארט אויפקלייבען א גרויסע צאהל יודען, נאכהער וועט מען שוין ביסלעכווייז אליין אהין פאהרען.

צו דער אידעע האט ער זיך איבערגעגעבען, ווי זיין שטייגער איז געוועזען אין אלעם, מיט לייב און לעבען און האט ניט נאכגעגעבען אין די צווייטע זייט קיין האר.

ער איז דאן שוין קראנק געוועזען אויף שווינדזוכט, נאר לעזענדיג זיינע ארטיקלען פון מיטען 10-טען, 11-טען און 12-טען יאהר „השחר", *) זעהט מען, אז ער האט אויפסניי אויפגעלעבט. מיט פרישע כחות האט ער זיך גענומען שרייבען גרויסע און פיעלע ארטיקלען. נאטירליך, רעדענדיג וועגען דעם, האט ער זיך פיעל מאל פערערדט אויך וועגען עפים אנדערש. ער האט אבער באלד דאס צונויפגעבינדען מיט'ן „ישוב". ער האט גענומען שטרייטען אויף אלע זייטען: מיט די אסימילאטארען, מיט די פרומע, וואס גלויבען אין משיח'ן, מיט די יודישע צייטונגען, וועלכע, איידער זיי האבען דער-שמעקט, וואס דער לעזער פערלאנגט, זענען זיי געוועזען געגען ישוב-ארץ ישראל, און אם מעהרסטען האט ער געזידעלט די חברה „כל-ישראל-חברים", פאר וואס זי שיקט די עמיגראנטען נאך אמעריקא. פון היץ האט ער קיינעם ניט געקארגט קיין שטארקע זידעלווערטער. דאס איז ניט געוועזען קיין ליטעראַרישע פאלעמיק, דאך קאן מען עס איהם פערצייהען צוליעב זיין איבערגעבענהייט צו אידעען בכלל. ער האט די ארטיקלען געשריעבען ניט מיט טינט, נאר ממש מיט בלוט,

*) דער 12-טער יאהר „השחר" איז נישט געענדיגט, ווייל סמאָל. איז אין מיטען געשטארבען.

ווייל דאָס שרייבען פלעגט איהם שטאַרק אויפרעגען, דאָך האָט
ער די פעדער פון האנד ניט ארויסגעלאָזט ביז לעצטען טאָג;
זיין פעדער האָט אויפגעהערט צו שרייבען דאַן, ווען ער האָט
אויפגעהערט צו עטהעמען.

נאָר ווי הויך מיר זאָלען ניט שעצען סמאָלענסקינען און
די אַלע איבעריגע ערשטע ציוניסטען, אַלס אידעאַליסטען,
אלס מענשען, וועלכע האָבען געזאָרגט פאַר זייער געדריקט
פאָלק, דאָך, ליידער, טאָרען מיר זיך יעצט ניט אָבנאַרען און
מוזען וויסען, אַז דאָס איז ניט מעהר, ווי אַ שענעס אידעאַל,
וואָס קאָן, צום בעדויערן, אין דער ווירקליכקייט ניט אויסגע-
פיהרט ווערן. עס איז דעריבער אַ שאָד צופיעל מיה און ארביי-
טערויף אוועק-צוגעבען.

אַז אַ פאָלק, ביי וועלכען אין אַ משך פון גאַנצע 2000 יאָהר
האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ געוויסער סאָרט לעבען, זאָל קאָנען איבער-
טוישען דעם אָרט און די אַרט לעבען זיינע, — אַזאַ פאַקט איז נאָך
אין דער היסטאָריע ניט געוועזען, און מיט׳ן גלייבען לאָגישען שכל
זעהט מען, ווען מען קוקט זיך צו צום לעבען און כאַראַקטער פון
מענשען, וועלכער בלייבט אימער דער זעלבער, אַז אַזאַ גרויסע אומ-
ענדערונג וועט קיינמאָל ניט קאָנען פאָרקומען. פערקעהרט וויסען
מיר, אַז פראָבען מיט פערשיעדענע, זאָגאַר קליינע, גרופען
מענשען, סיי מיט פראָסטע, וואָס אַנדערע האָבען זיי געוואלט
צוגעוואָהנען אַנדערש צו לעבען, סיי מיט געבילדעטע אידעאַליסטען,
וועלכע האָבען אַליין געוואלט איבערטוישען זייער אָרט לעבען, —
האָבען זיך שטענדיג אויסגעלאָזען מיט גאָרנישט. אַזעלכע
פאַקטען געפינען מיר יאָ זעהר פיעל.

ווי די ערשטע חובבי־ציון, אַזוי אויך די היינטיגע ציוניסטען,
רעדענדיג וועגען דער מעגליכקייט צו גרינדען אין פאַלעסטינא
אַ יודישע מלוכה, דערמאָנען דעריבער די קליינע לענדער פון די
באַלקאַנען, וועלכע זענען ערשט מיט 25 יאָהר צוריק, דורך דער
הילף פון דער רוסישער רעגירונג, געוואָרען פון טערקישע פראָווינצען
אייגענע פירסטענטומען אונטער דער סוזערעניטעט פון טירקיי,
ווי, למשל, סערביע און באָלגאַריע. מען פערגעסט אָבער

דערביי דעם עיקר: דאָ האָט זיך ניט מעהר, ווי דער נ אָ מ ע ן פֿון ז ע ל ב ע ן אָרט איבערגעטוישט.

ניט אריינגעהענדיג אין די פּאָליטישע זייט, אז מיר האָבען נישט וואָס צו רעכנען, אז איינע פֿון די גרעסטע און שטאַרקסטע רעגיערונגען זאָל פֿיהרען אַ קריעג צוליעב אונז, ווי עס האָט געטראָפֿען מיט די באַלקאַנישע פֿעלקערלעך, און דאָס די האָפֿנונג דאָרט צו האָבען אַ אֱמתע בעשיצונג איז גאָר אַ קליינע, ווען מען וועט שוין זאָגאַר דאָס אונטערשרייבען אויפֿ'ן פּאַפּיער, — זאָגען מיר נאָך אמאָל: דאָרט האָט זיך איבערגעטוישט נישט מעהר, אַלס דער נאָמען פֿון אָרט, אָבער דער זעלבער בויער איז געבליעבען זיצען אויף זיין ערד, דער גערטנער אין זיין גאָרטען, דער היימישער האַנדווערקער ביי זיין פֿריהערדיגער אַרבייט און אָרט לעבען א. ז. וו., און עס קאָן זעהר זיין, אז פֿיעל דאָרטיגע איינוואָהנער אינטערעסירט גאָר ניט, וואָס פֿאַר אַ אָרט רעגיערונג עס איז ביי זיי, צו זי פֿיהרט אַלעס אַליין אָדער זי מוז אין אַנדערע זאַכען האַנדלען לויט די בעפֿעהלען פֿון קאָנסטאַנטינאָפּאָל; די פֿערענדערונג אין דער רעגיערונג איז נישט געקומען דורך אַ פֿערענדערונג אין זייער פּריוואַט לעבען, דאַן ווען מ י ר ברויכען איבערצוטוישען אונזער איינגעוואָהנטען אָרט, דאָס קלימאַט און איבערהויפּט די אָרט לעבען.

ווען עס וואָלט זיך אַפֿילו יעצט געפֿינען אַ געוויסע צאָהל, וואָס וואָלט עמיגרירען נאָך פּאַלעסטינא אָדער אוגאַנדא און גרייט געוועזען אין אַנפֿאַנג צו ליידען פֿון דער איבערטוישונג — אויב זיי וואָלטען אימשטאַנד געוועזען אויסצוהאַלטען, איז אַ בעזונדער פֿראַגע — איז נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס יודען זענען אין אַנדערע ערטער אונטערדריקט; אָבער מיר דאַרפֿען זיך דאָך ניט פֿערגעסען, אז דאָס געזעץ פֿון דער היסטאָריע, דאָס די וועלט געהט אימער פֿאָרווערטס צו בעסער, איז אַ אייזערן געזעץ, וועלכעס מוז אומעדום אויסגעפֿיהרט ווערן. עס קומען שוין אַזעלכע צופֿעלע, וועלכע דערנעהערען דעם גאַנג פֿון געזעץ, און מיר זענען גאַנץ זיכער,

אַז יודען וועלען אומעדום בעקומען זייערע רעכטע, פיעל פריער,
אלס אַזעלכע שווערע אונטערנעהמונגען, ווי קאָלאָניזירען
דורך יודען אַ נייען אָרט, קאָנען זיך נאָר אָנהויבען צו גרינדען,
אונ דאַן וועלען געוויס אַלע אָבפאַלען.

גאַטירליך, איז זעהר שווער זיך צו בעשליעסען שטענדיג
צו פיהלען זיך פיעל־וועניג פרעמד. אָבער ווען די זאַך איז
אונמעגליך אויסצופיהרען, איז דאָך נאָר שעדליך שטענדיג
פערטומלען דערמיט דעם קאָפּ. ווען מיר וועלען נאָר האָבען
אַלע רעכטע, צו וואָס מיר ברויכען דערווייליע שטענדיג
שטרעבען אונ אָנווענדען אַלע מיטלען, אום עס צו דערגרייכען,
ווענט אונז מאַטעריעליש שוין ניט אזוי שאָדען דאָס ניט־האָבען
קיין בעזונדער יודיש לאַנד, אונ די גייסטיגע נאַציאָנאַלע בעדערפ־
נישען וועלען מיר דאַן ביי זיך געפינען, ווען מיר וועלען זיך
אין דעם נויטיגען.

# XV.

„אין 1882=טען יאָהר — דערצעהלט אונז בריינין אין זיין „פרץ סמאָלענסקין" — איז סמאָלענסקין קראַנק געוואָרען אויף לונג־אונ האַלז־שווינדזוכט. אַ גייסטיג פערמאַטערטער, מיט זעהר אָבגעשוואַכטע נערווען, האָט ער דאָך ווייטער מיט דערזעלבער פלייסיגקייט געאַרבייט אין „השחר". גאַנצע טעג איז ער דאַן געווען פערנומען מיט דער איבערדריקונג פון זיינע ביכער אונ ביז נאָך האַלבע נאַכט פלעגט ער זיצען אונ שרייבען צו די אַלע, וועלכע האָבען זיך צו איהם געווענדעט וועגען ישוב א"י. צוליעב דער קרענק האָט ער פערלוירען זיין שטעלע אין דרוק אונ איז שטאַרק פעראָרעמט געוואָרען. דורך דער רעקאָמענדאַציע פון ד"ר העלער, פראָפעסאָר מילער אונ ד"ר קוראַנדא, האָט די וויענער יודישע קולטוס=געמיינדע (די רעפאָרמירטע) געגעבען סמאָלענ. אויף חיונה אונ קוראַציע".

„אין אָנפאַנג יאָהר תרמ"ד, באַלד נאָך סכות — לעזען מיר דאָרט ווייטער — איז סמאָלענסקין געפאָהרען, לויט דעם בעפעהל פון די דאָקטוירים, קיין מעראַן אויף קוראַציע. דעם ווינטער תרמ"ד האָט ער פערבראַכט אין מעראַן אונ האָט דאָרט געשריעבען אונ רעדאַגירט דעם „השחר", חאָטש די דאָקטוירים האָבען איהם שטאַרק פערבאָטען צו שרייבען, אונ מיט אכות בלוט פון האַרצען האָט ער בעצאָהלט פאַר יעדען אַרטיקעל".

„19=טען יולי 1884 שרייבט סמאָלענ. צו מ. דאָליצקין:

„צוויי מאָנאַטען זענען מיינע הענד געוועזן ווי געבונדען, דעריבער האָב איך ניט געקאָנט שרייבען אפילו איין שורה. יעצט האָט מיך די קרענק אַביסעל אָבגעלאָזט, אונ איך האָב זיך צוריק גענומען צו דער פעדער צוצוגרייטען מאַטעריאַל פאַרן „השחר", הגם איך לייד יסורים דורכן שרייבען, דען די מלחמה פאַר די עקזיסטענץ פון אונזער פאָלק איז אַ מלחמת

מצוה, אונ ווער עס געהט אַרוים אויפ'ן שטרייטפעלד מיט וואָס עס איז פאַר אַ געוועהר, איז גלייך, ווי ער איז מקיים אַלע מצוות פון דער תורה... פאַל ביי זיך ניט אַראָב, ווען עס געהט דיר ניט גוט. שטאַרק זיך צו זיין אַ מענש, שרייב — אונ זוך בעזונדער פרנסה. מיט זיבען קאָפּיקעס בין איך געקומען נאָך וויען אונ יעצט לעג איך צו זיבען רובל אַ וואָך צום „השחר", אונ אַזוי ווי איך בין דאַמאָלס ניט אַראָבגעפאַלען ביי זיך, אַזוי בין איך מוטהיג אויך יעצט, ווען איך האָב אַ ווייב מיט פינף קינדער, וועלכע שרייען: עסען!. אונ קראַנקערהייט לעב איך זיך אַדורך אין דחקות פון דרוק אונ ווערלעג צום „השחר", איך שרייב איהם אונ געב איהם אַרויס".

„ווען הרמ"ד איז סמאָלענסקין געפאָרען, לויט דעם ראַטהע פון די דאָקטוירים, נאָך גלייכענבערג. ווען ער איז דאָרט געוועזען, איז איהם פלוצלונג אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז זיין שוועהר איז געפעהרליך קראַנק, אונ ער איז דעריבער צוריק געקומען נאָך וויען. ווען אין ענדע זומער הרמ"ד האָט זיך זיין קרענק פערערגערט, האָט זיך דער ד"ר העלער בעמיהעט צו קריגען געלד, אום צו שיקען איהם נאָך אַמאָל קיין מעראַן, נאָר דער פראָפעס. שטאַרק, איינער פון די גרעסטע וויענער האַלז-דאָקטוירים, וועלכער האָט געקאָנט סמאָל. פון פריהער, האָט געזאָגט דעם ד"ר העלער, אַז עס איז אומזיסט יעצט די רייזע נאָך מעראַן, דען עס איז שוין קיין האָפנונג ניטאָ, צו וואָס אַלזאָ, זאָל מען איבערפיהרען אומזיסט געלד דערויף, וואָס דער קראַנקער אַליין וועט דערפון קיין נוצען האָבען; בעסער וואָלט דאָס געלד צונויץ קומען פאַר דער אלמנה מיט די יתומים. דערויף האָט איהם דער ד"ר העלער געענטווערט, אַז עס איז כדאי דאָס גאַנצע געלד צו פערליערען, אויב דער שרייבער וועט צוליעב דעם בלויז איין שטונדע לענגער לעבען, אונ ווען ער זאָל אפילו וויסען, אַז אין מעראַן וועט ער איין סעקונדע מעהר ניט לעבען, איז עס ביי איהם ווערטה, דער קראַנקער זאָל ניט וויסען, אַז די האָפנונג איז פערלוירען".

„איינגע טעג איידער סמאָלענסקין איז געפאָהרען נאָך

מעראן, האט איהם געטראפען אין גאס דער ד"ר בירנבוים, וועלבער האט מיר דערצעהלט וועגען דער בעגעגעניש — שרייבט בריינין — פאלגענדעס: „א גאנצע שטונדע האב איך מיט איהם גערעדט. דער טויט האט שוין געלעגט זיין שטעמפעל אויפ'ן שרייבערס געזיכט. סמאל. האט גערעדט מיט גרויסער היץ וועגען דער נאציאנאלער אידעע, וועגען די רוסישע ציוניסטען און האט אויסגעגאסען זיין ביטער הארץ אויף די וויענער „אליאנס איזראעליט" און יודישע גבירים, פאר וואס זיי פיהלען ניט מיט די ברידער זייערע אין די ערטער, וואו זיי זענען געדריקט. סמאלענסקין האט אויסגעזעהן דאן ביי מיר — דערצעהלט ער — ווי א פרעדיגער, וואס זאגט מוסר דעם עולם, ווי א נביא, וואס שטראפט זיין פאלק, און נישט ווי א פובליציסט און פילאזאף. איינגע מאל האט ער איבערגעהאקט דעם שמועס, ווייל ער האט קיין כח ניט געהאט צו רעדען. סמאלענסקין האט געגלויבט, אז ער וועט גיך געזונד ווערן, און האט זיך ארומגעטראגען מיט פיעלע געדאנקען וועגען פערשיעדענע ארבייטען".

„אנפאנגס חשון תרמ"ה איז סמאלענסקין ווידער געפאהרען גאך מעראן. דארט האט ער געוואהנט אין א האטעל, און א בארמהערציגע שוועסטער האט איהם בעדיענט. די דאקטורים האבען איהם פערזאגט, ער זאל ניט נעמען קיין פעדער אין האנד, דען דאס שרייבען וועט איהם צוגעהמען דאס לעבען, נאר דער קראנקער האט דערויף ניט געקוקט, און אין דער מינוט, וואס ער האט נאר געקאנט האלטען א פעדער, האט ער שוין געשריעבען. און אפטמאל פלעגען פון אונטער זיין פעדער ארויס פרעהליכע וויצען, פונקט ווי דער געזונדער סמאלענסקין וואלט יעצט געשריעבען מיט דער פעדער. אין דער צייט, ווען ער האט ניט געקאנט שרייבען, האט ער זיך געפיהלט אומגליקליך. אין מאנאט טבת האט זיך זיין קרענק פערערגערט. פונדעסטוועגען איז ער געוועזען טילד צו די ארומיגע. און זיין איינגעגעהמער און ליעבליבער גייסט האט איהם אייף איין סעקונדע ניט אבגעלאזט. אין דער גאנצער צייט פון זיין קרענק האט ער איין מינוט ניט ארויסגעלאזט פון געדאנק דעם „השחר" און די

אידעע פון ציוניזם. די מענשען, וואָס האָבען איהם געזעהן אין מעראַן, האָבען זיך געוואונדערט אויף די געזונדע נשמה און שטאַרקען גייסט, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין זיין רואינירטען קערפּער. ביזן לעצטען טאָג פאַר זיין טויט האָט ער יעדען טאָג געשיקט קורצע בריעף צו זיין פרוי, נאָר דעם ריכטיגען שטאַנד פון זיין קרענק האָט ער איהר ניט געשריעבען, אום ניט אָנצוטאָבען איהר קרענקונג".

„אין אָנפאַנג מאָנאַט שבט תרמ"ה האָט ער אָנגעהויבען צו פיהלען, אַז זיינע טעג זענען געצעהלטע, דעריבער האָט ער זיך בעמיהט מיט די לעצטע קרעפטען צו ענדיגען דעם ספור „הירושה" און, ליעגענדיג אין בעט, האָט ער געשריעבען די לעצטע קאַפּיטלען אויף קליינע שטיקלעך פּאַפּיער, אין איילעניש, מיט צעבראָכענע אותיות, אום ער זאָל צייט האָבען צו ענדיגען פאַר'ן טויט. צוויי טעג איידער ער איז געשטאָרבען האָט ער געשריעבען צו דער פרוי, זי זאָל איהם שיקען די פאָטאָגראַפיע פון די קינדער, וועלכע ער האָט געגאַרט צו זעהן".

„דעם 15-טען שבט האָבען זיינע ליידען זיך זעהר געשטאַרקט. דער דאָקטאָר האָט איהם געגעבען מאָרפיום אויף צו פערגרינגערן אביסעל די יסורים, איז ער געווען אַ גאַנצען טאָג ווי מטושטש און האָט ניט דערקענט די, וואָס האָבען איהם בעזוכט. אויף מאָרגען אין דער פריה דעם 16-טען שבט תרמ"ה 1-טען פעברואַר 1885, ווען די בּאַרמהערציגע שוועסטער, וועלכע האָט איהם בעדיענט, איז אַריין צו איהם אין צימער, האָט זי איהם געפינען ליעגענדיג אויף דער ערד אָטויטען. דעם זעלבען טאָג, ווען פּרץ סמאָלענסקין איז געשטאָרבען, איז אויך מיטגעשטאָרבען דער „השחר"."

די ידיעה, אַז סמאָלענסקין, דער רעדאַקטאָר פון „השחר", איז געשטאָרבען, איז אָנגעקומען קיין רוסלאַנד זועראשט דורך דער „הצפירה", צוויי וואָכען נאָך זיין טויט. (די „הצפירה" און דער „המליץ" פלעגען דאַן ערשיינען אין

מאָל אין וואָך). דער שרייבער פון דיזער ביאָגראַפיע געדענקט, וואָס פאַר אַ שטאַרקען איינדרוק די שלעכטע בשורה האָט געמאַכט אויף די יונגע משכילים פון זיין שטעטעל, און די גרויסע פרייד פון דעם אַלטען דור. פאַר מנחה, ווען דער עולם האָט זיך צונויפגעקליבען אין בית־המדרש, האָט דער רב מיט די שטאָט למדנים און אַזעלכע בעלי־בתים, ביי וועלכע דער „השחר" האָט אָפגעריסען די קינדער פון זייער אַלטען וועג, זיך איינער דעם אַנדערן אָבגעגעבען מז"ט, און יעדער האָט געענטווערט: „כן יאבדו כל אויביך ה'" און זיך פערשיעדען געוויצעלט: „ער איז דאָך שוין לאַנג געשטאָרבען — „רשעים בחייהם קרוים מתים"; „ער וועט נאָך לאַנג לעבען — „שפתותיהם ידובבו בקבר", א. ז. וו. ...
ווען די איבעריגע קאַלטע מתנגדישע בעלי־בתים האָבען בעמערקט, אַז עס איז שוין באַלד אַריבער זמן־מנחה, און דער רב שטעהט נאָך ניט אויף זיין אָרט, דער בעל־תפלה זאָל קאָנען אָנהויבען צו דאַווענען, האָבען זיי אונטערגעשיקט דעם שמש, ער זאָל דערמאָנען דעם רב אָן דער מנחה. „היינט וועט מען דאַווענען שפּעט מנחה, זאָל מען זיך נאָך פרייען מיט'ן „השחר'ס" טויט!.." איז געווען דער ענטווער, און אין יעדער שטאָט און שטעטעל אין רוסלאַנד און גאַליציען, וואוהין די בשורה איז אָנגעקומען, איז געוועזען ששון ושמחה. די חסידים אין די שטיבלעך האָבען געטרינקען בראַנפען און געטאַנצט אויף די טישען.

אָט דאָס הייסט אַ כבוד פאַר אַ שרייבער, ווען ער ווירקט אַזוי פיעל אויף זיין צייט, צו שטופּען דעם יונגען דור פאָרווערטס, אַז ער האָט דאָס גליק צו בעקומען אַזעלכע שונאים, און די גרעסטע שאַנדע פאַר אַ שרייבער איז, ווען קיינער טרויערט ניט אויף זיין יובילעאום און קיינער פרעהט זיך ניט מיט זיין טויט. דאָס איז דער ריכטיגסטער בעוויז, אַז ער האָט גאָר גישט אויפגעטהון.

די פרומע קלאַסע איז געווען צופריעדען פון „הצפירה'ס" הספד, אָבער די משכילים איז דער קליינער הספד געווען

זעהר ווענינ. זיי האָבען געוואָלט הערען עפּעס וואַרעמע ווערטער און האָבען זיך קוים דערוואַרט, ביז עס איז אָנגעקומען דער „המליץ״, וועלכער האָט געבראַכט די ידיעה פון סמאָלענסקינ׳ס טויט פון דער דייטשער צייטונג „נייע פריע פּרעסע״ — און דער „המליץ״ האָט איהם טאַקי וואַרעם בעקלאָגט. אין די ווייטערע נומערן האָט זיך געדרוקט דער גרויסער הספד פון דאָליצקין; מען האָט אָנגעהויבען צו קלערען וועגען איבערדרוקען דעם געשטאַרבענעמס ווערק. אין גיכען האָבען די צייטונגען אָנגעהויבען צו בעטען נדבות פאַר דער אלמנה מיט די יתומים.

דאָס איז די געוועהנליכע ענדע פון א יודישען שרייבער אין אַלגעמיין, און פון אונזערע, וואָס וויל ניט שווימען מיטן שטראָם צוגלייך — בעזונדערס.

